אויסער מיט האנדל איז מיר געווען באוווסט ווי א סטאַציע, אויף וועלכער סוחרים און רייזנדער טוישן די וועגענער און קאַרעטעס, מיט פערד געשפאַנטע.

לויט א רשימה פון אויסגאבן פון יאָר 1692 האָט מען א יידישן בעל־עגלה אין מיר געצאָלט פאַר א נסיעה פון 18 מייל 10 זלאָטעס [4]. אין זיבעצעטן און אכצעטן יאָרהונדערט האָט זיך דער גאנצער מסחר געפונען אין יידישע הענט. אויסער דעם מסחר מיט רויכוואַרג און פעל, וואַקס, הערינג און שטאָפן, פלעגן די פריצים פון דער גאנצער סביבה קומען קיין מיר און באשטעלן אין די יידישע קראָמען חתן־מתנות צו די חתונות פון זייערע טעכטער [5]. די יידישע קראָמען זענען פול געווען מיט אלערליי גוטע סחורות, וועלכע מען פלעגט ברענגען פון די יאַרידן אין אויסלאַנד. די גוטע קוואַליטעט פון זייערע סחורות זענען באַקאַנט געווען אויך אויסער דער שטאָט און האָט צוגעצויגן קונדן פון דעם אדל אין גאַנץ ליטע.

די מירער יידן האָבן געלעבט אונטער דער שוץ פון די שטאָט־אייגנטימער, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט זיי און זייערע אינטערעסן קעגן די נגישות פון די באאמטע, וואָס פירן אָן מיט די שטאָט־ענינים, באזונדערס איז קענטיג געווען זייער פאַרטיידיקונג אין דעם סיכסוך, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 1685.

די פאָרשטייער פון די ליטווישע קהילות האָבן אריינגעטראָגן אָנקלאָגן צו קאַטערינען פון הויז ראַדזיוויל, די פרוי פון סאַפיעהא, דעם ליטווישן העטמאַן און וויצע־קאַנצלער, אויפן אדמיניסטראַטאָר פון דער שטאָט מיר, מרוטאָווסקי, אז קעגן איר ווילן און פאַראָרדנונגען ברענגט ער פאַר זיין געריכט יידן פון מיר און יידן וואָס קומען אויף די יאַרידן און לייגט אויף זיי ארויף געלט־שטראָפן און אויך אַרעסט־שטראָפן. ער האָט אויך געמשפט אין זיין געריכט צווישן איין ייד און א צווייטן, וואָס דאָס איז געווען אין דער אויסשליסלעכער קאָמפּעטענץ פון די יידישע געריכטן. ער פלעגט אויך פאַרשפאַרן פאַר זיי די וועגן צום יאַריד און זיי גורם זיין א סך היזיקות.

אויפן גרונט פון דאזיקן אנקלאַג האָט די אייגנטימערין פון דער שטאָט ארויסגעגעבן אין 15.5.1685 א שריפטלעכע פאַראָרדנונג, דראָענדיק מיט א האַרבער שטראָף, דעם אדמיניסטראַטאָר, און זיינע פאַרטרעטער אין דער צוקונפט, נישט צו משפטן צווישן יידן אין דעם אדמיניסטראַטאָרס געריכט און נישט ארויפצולייגן אויף זיי קיין שטראָפן, נאָר אריבערפירן די צווישן־יידישע משפטים אין דעם יידישן געריכט. אין דער זעלבער צייט האָט די פירשטין געגעבן א בפירושע פאַראָרדנונג דעם אדמיניסטראַטאָר צו שיצן די מירער איינוווינער קעגן עוולות מצד די פרעמדע און די יידן און ברענגען זייערע סיכסוכים פאַר זיין געריכט, אָבער נישט ארויסשטעלן קעגן זיי קיין שווערע פאָדערונגען.

די פאַראָרדנונג איז פאַרשריבן געוואָרן דורך דעם שתדלן פון דער בריסקער קהילה, שלמה מיכאלאָוויטש, דעם 14־טן יולי, 1685 אין בריסק אין די שטאַטישע אַקטן [6]. אויף מיר, ווי א פריוואַטע שטאָט, זענען חל געווען די תקנות פון די שטאָט־אייגנטימער אויף די יידן און די מיעשטשאַנעס צוזאַמען, און דאָס האָט אין א סך פאַלן דערפירט צו דער בשותפותדיקייט פון זייערע אינטערעסן, ווען זיי האָבן זיך פאַרטיידיקט קעגן די שטאָט־אייגנטימער.

אין דער צייט פון די מחלוקתן צווישן די קהילות פון בריסק און מינסק צוליב דער אויטאָנאָמיע פון די קהילות, האָבן די בריסקער ראשי־הקהל אין יאָר 1681 קאָנפיסקירט די סחורות פון מינסקער יידישע סוחרים און זיי נישט דערלאָזט אריינפאָרן און זיך באטייליקן אין די מירער יאַרידן. נישט געקוקט דערויף וואָס דער מלך יאַן סאָביעסקי האָט געוואָרנט די פיר קהילות, ווילנע, בריסק, סלוצק און מינסק, זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צו פאַרטשעפען קיין יידישע סוחרים אויף די וועגן, יאַרידן און מערק, האָבן די בריסקער יידן מיט געוואַלט צוגענומען פון מינסקער יידישע סוחרים, ווען זיי זענען געקומען אויף א מירער יאַריד, דעם 13טן נאָוועמבער 1681, סחורות (רויכוואַרג, שטאָפן), איידלשטיינער פון איטאַליע, העברעאישע ספרים און באַרעס געלט אין דער ווערט פון 50,000 זלאָטעס, בעת דער חוב פון די מינסקער יידן האָט באַטראָפן נישט מער ווי 5.000 זלאָטעס. דאָס איז געשען אויך אין יאָר 1684 און אין יאַנואַר 1685 [7].

4) Regesti y nadp. T.II. Nr. 1277, p. 86.
5) Stownik geograficzny T.VI., p. 485-486.
6) Reg. y nadp. II. Nr. 1235, p. 64-65.
7) Akti wilenskoj komissiji dla razbora

אין יאָר 1684 האָט א שליח פון מינסקער קהילה, אברהם בן אריק (לייבאָוויטש) דערלאנגט דעם סטאַראָסטע פון דער שטאָט מיר א פראָטעסט און רעקאָמענדאציע־בריוו פון דעם בראצלאווער מארשאלעק, וועלכער שטעלט זיך איין פאר דער מינסקער קהילה בנוגע די שטערונגען און איבערפאלן אויף די מינסקער סוחרים צוליבן סיכסוך מיט די בריסקער פרנסים, וועלכע האָבן ביי זיי צוגענומען סחורות און נישט אריינגעלאָזן אין בית־המדרש אין מיר.

ווי א רעזולטאט פון דעם אָנקלאג האָט דער סטאַראָסטע אין מיר מודיע געווען דעם 15־טן מאי, 1684, אז זיי קאָנען קומען אויף די יארידן מיט סחורות לויטן איינפיר אין די פריערדיקע יאָרן און אז זיי וועלן נישט באליידיקט ווערן פון די בריסקער יידן. ער האָט זיי אויך פארזיכערט, אז זיי קאָנען באזוכן דעם בית־המדרש אין מיר, און ביי יעדן פאל פון א סיכסוך וועט ער זיך איינשטעלן פאר זיי און זיי פארטיידיקן [8]).

די מירער קהילה איז אין זיבצעטן און אכצעטן יאָרהונדערט געווען פון די וויכטיקסטע אין ליטע, אויף איר כסא־הרבנות זענען געזעסן בארימטע רבנים, גרויסע אין תורה און הלכה [9]).

פון אָרגאניזאציאָנעלן שטאנדפונקט האָט די מירער קהילה געהערט צו דער גרופע אויטאָנאָמע קהילות און איז נישט געווען איינגעשלאָסן אין איינער פון די פיר קרייזן (נאוואגראד, סלאָנים, משציסלאו, מינסק *) פון דער קהילהשער אויטאָנאָמיע.

די מירער קהילה האָט געצאָלט אין יאָר 1673, לויט דער שאצונג פון דער אסיפה פונעם סעלצער ועד, צוזאמען מיט דער נעשוויזער קהילה 45 זלאָטעס קאָפּ־שטייער, און „פאָווראָטנע" [10]) (אומקער־שטייער) 4 זלאָטעס.

---

drewnych aktów. T.XXIX. Akti o Jewrejach. Wilno 1902, Nr. 78, p. 119, Nr. 108, p. 132.

8) Nr. 93, p. 141.

9) אין יאָר 1712 איז אין מיר נפטר געוואָרן, אויף זיין וועג קיין ארץ־ישראל, רב חיים ברב יוסף חזן, וועלכער איז געווען אין שליחות אין מזרח־אייראפע און האָט אָפּגעדרוקט אין דיהרענפורט א טייל פון זיין ספר „עין יהוסף" (חידושים אויף די מסכתות בבא־קמא, בבא־מציעא, שבועות, סנהדרין ושו"ת).

*) זע דעם מאמר „מיר בוועד הארצות".

אין יאָר 1700 האָט דער סעלצער ועד באשלאָסן צו באשטייערן מיר מיט 1160 זלאָטעס [11]).

אין יאָר 1713 איז, לויט דער פאנאנדערטיילונג אויף דער אסיפה פונעם ועד אין בריסק, ארויפגעלייגט געוואָרן אויף מיר צו באצאָלן קאָפּשטייער 950 זלאטעס, אין יאָר 1714—1200 זלאטעס, אין יאר 1717—1200 זלאטעס. אין יאָר 1720 האָט אויסגעבראָכן א סיכסוך צווישן די מנהיגים פון מיר און די אָנגעזעענע לייט פון דער מדינה „מחמת דעם געלט וואָס עס קומט זיי לויט זייערע רייד פון די גראפן פון דער מדינה יצ"ו און ס'איז געווען א פסק־דין אין דעם בית־הדין דאָ אין דער מדינה, יצ"ו, און ענינים פון שבועות צווישן זיי", ט' בשבט ת"פ (1720) אויף דעם צוזאמענקום פון דער מדינה אין אמדור „האָבן זיך פארשטענדיקט צווישן זיך די גראפן די הערן, די חשובע לייט פון דער מדינה און די הערן באפולמעכטיקטע פון דער ק"ק מיר צו קומען צו אן אויסגלייך לויט א פשרה צו באשטעטיקן און מקיים צו זיין, אלץ וואָס וועט באשלאָסן ווערן, זאָל אזוי בלייבן קיין זאך נישט געמינערט". לויט דער דאזיקער פשרה האבן די מירער מנהיגים געדארפט איבערגעבן אין רשות פון די גראפן פון האראדנער קהילה אויף א כוויט *) (א קבלה־שריפט) צו באצאלן 2 הובות די גלחים אין האראדני אויף א סכום פון 1000 זלאָטעס און 2 מירסקין אויף 1000 זלאָטעס, סך־הכל 2000 זלאָטעס. נאָכן באקומען די צוויי קבלה־שריפטן דארפן די הויכגעשטעלטע לייט פון דער מדינה באצאָלן די מירער מנהיגים א סכום פון 1200 זלאָטעס. דער דאָזיקער סכום וועט זיי אראָפּגערעכנט ווערן אין משך פון דריי יאָר פונעם סכום, וואָס זיי זענען שולדיק דער מדינה־קאסע, יעדעס יאָר א דריטל. אויב זיי וועלן נישט אריינטראָגן די אויבנדער־

10) א ספעציעלער שטייער פון די ליטווישע יידן׳ ווי א פארגיטיקונג פאר דעם צוריקקערן די יידן קיין ליטע נאָכן גירוש.

11) דער סכום לויטן פנקס איז געווען דער הויפּט־שטייער, וואָס מ'האָט גענומען פון אלע קהילות פאר דער קאסע פון מדינה־ועד אויף זיינע אויסגאבן. די סכומים ווייטער לויט ישראל היילפערין: תוספות ומילואים לפנקס מדינת ליטע, ירושלים תרצ"ה.

*) Kwit — קבלה.

מאָנטע קבלה־שריפֿטן, זענען די הויכגעשטעלטע לייט פון דער מדינה פטור פון זייער תביעה[12].

אין יענעם יאָר, 1720, האָט די מירער קהילה באצאָלט קאָפּשטייער 1350 זלאָטעס, חוץ דעם איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף אלע ליטווישע קהילות, און מיר צווישן זיי, צו באצאָלן 400 סכומות[13] פאר דעם געריכט אין דעם באוווסטן ענין מיר־אבליג[14]. פון דעם אָ סכום האָט מען אויך באדארפט צאָלן רווחים די גלחים אין ניעסוויעזש און מיר פאר דעם חוב דער מדינה, פון דער ק״ק מיר אליין 240 זלאָטעס.

אין יאָר 1721 [15] איז ארויפגעלייגט געוואָרעז אויף


זשוכאָוויצער שול / בית הכנסת ברחוב זוחוביצר

די יידן פון ליטע צו באצאָהלן 40.000 זלאָטעס דעם ארמיי־קאָמאנדיר און 20.000 דער וואַך פונעם טריבונאל, פון דעם אַ סכום האָבן מיר און איסקליק באדארפט באצאָלן 820 זלאָטעס.

אין יאָר 1730 — 1050 זלאטעס קאפשטייער און אין יאָר 1731—1200 זלאָ׳; 1739—1170, 1740—850 זלאָ׳.

---

12) י. היילפערין תוספות ע׳ 51 — 52, סי׳ ס״ו.

13) דער וועד פלעגט ארויפלייגן אויף דער מדינה אן אלגעמיינעם סכום, און די הויפט־קהילות פלעגן אים פאנאנדערטיילן צווישן די קהילות און ישובים אין זייער שטח.

14. אובליגאציע — א וועקסל אויף אַ חוב פון דער קהלה אנטליען ביי די גלחים אָדער אַנדערע געלט־לייער.

15) Regesti y nadp. II Nr. 1596, p. 237.
י. היילפרין: תוספות סי׳ ע״א ע׳ 55.

16 פנקס ליטא סי׳ תתק״ח ע׳ 240—241. י. היילפרין: הוספות סי׳ מ״ט־נ׳: סי׳ נ״ו־נ״ח.

17 פנקס מדינת ליטא, סעיף תתקמ״ז, תתקמ״ח.

18 י. היילפרין: תוספות סי׳ פ״ג.

אין יאָר 1760 האָט מיר באצאָלט 480 זלאָטעס אסאך א קלענערער סכום פון די אויסצאָלונגען אין די פריערדיקע יארן. אין יענער תקופה האָט מיר געדארפט סילוקן אויפן חשבון פון די „גראָשנס״ (groszowe) אין די יאָרן 1762־1763 — 64 זלאָטעס.

אין מיר איז זיך צוזאמענגעקומען דער ועד פון דער מדינה ב׳, ט׳, י״ב, י״ג בשבט, תנ״ז (1697) [16] אין י״א, ט״ו שבט, תס״ב (1702) און אין חודש חשוון־כסלו תקי״ב (1751).

אויפן צונויפקום אין יאָר 1751 איז באזונדערס אונטערגעשטראָכן געוואָרן: „אז שוין העכער דרייסיק יאָר זענען נישט פאָרגעקומען קיין מדינה־צוזאמענקומען״, פאקטיש זענען נישט פאָרגעקומען קיין צונויפקומען פון דער גאנצער מדינה אויסער דעם צוזאמענקום אין אמדור אין יאַר ת״פ.

אויף דער זיצינג פון אָט דעם צוזאמענקום איז אָנגענומען געוואָרן אן איסור, אז פרויען טאָרן נישט גיין „מיט קיין שוב סחורה איבער גויאישע הייזער, אָדער צו א וועלכן קשאָנדז און שררה״ און זאָלן נישט זיין קיין „טענדלערקעס״, ווייל זיי נעמען צו די פרנסה פון א סך בעלי־בתים און סוחרים. און ס׳זענען אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן שאצונגען פון קאָפּשטייער [17].

אויסער די דאָזיקע באשלוסן איז אויך אָנגענומען געוואָרען אן אויפרוף אין דעם ענין פון רב יהונתן אייבשיץ, און מ׳האָט מחרים געווען „יעדן, וואָס וועט זיך דערוועגן ארויסברענגען א וואָרט פון מויל אין אונדזער מדינה, מדינת־ליטע, קעגן אונדזער מורנו ורבנו מוהר״ר יהונתן נר״ו הנ״ל״ [18].

אויף די מירער יארידן האט מען יאר־יערלעך איינגעמאָנט פופציק מדינה־סכומות פאר די עקצעסן אין פוילן" [19]).

אין יענעם יאָר (תמ"ד) איז באשלאָסן געוואָרן אויפן צוניפקום אין סעלץ, אז מען דארף דורכפירן א חשבון צוויי מאָל אין יאָר, דהיינו, איין מאָל אויפן מירער יאריד זומער־צייט און איין מאָל אויפן מירער יאריד



הבתים של הרב ושל ראש־הישיבה (רח ויסוקה)/די ווינונגען פון רב און ראש־ישיבה

אום ווינטער. עס זענען מחויב צוויי נאמנים (איינער פון בריסק און איינער פון די דריי הויפט־קהילות ק"ק הארדנע, פינסק, ווילנע), צו פאָרן אויף די דערמאָנטע יארידן און אפגעגעבן זיך איינאנדער אַ חשבון, און איין מאל אין יאָר דהיינו אויפן מירער יאריד זענען מחויב די אויבנדערמאנטע אלופים—נאמנים צו קומען אהין און אָפגעבן א חשבון־צדק פאר די אלופים די הויכ־געשטעלטע לייט די מנהיגים פון די פיר קהילות יצ"ו, וועלכע וועלן דאָרט זיין אויפן אויבנדערמאָנטן יאריד (מיר)" [20]).

אין דער ציילונג פון יאָר 1765 זענען געווען אין מיר און איר סביבה 607 קאָפּשטייער־צאָלערס.

אין אכצעטן יאָרהונדערט פלעגן יידן־סוחרים פון מיר קומען אויף די לייפציקער יארידן [21]), האבן געפירט געשעפטן אין קעניגסבערג, אויך אין מעמעל, ליבאווע.

דער פילאָסאָף שלמה מיימון, געבוירן אין יאָר 1753 אין דאָרף סאקאביבורג לעבן מיר [22]), דערציילט אין זיינע זכרונות [23]), אז זיין פאטער איז געווען ראדזיווילס ארענדאר און פארוואלטער אין גוט לעבן מיר, פלעגט פאָרן צוזאמען מיט איינעם א יידן פון מיר קיין קעניגס־בערג, און זיי פלעגן ברענגען פון דאָרט סחורות.

אין דער צווייטער העלפט פון אכצענטן יאָרהונ־דערט האָבן די מירער יידן א סך געליטן פון די בייזע שטיק פון דעם שטאָט־אייגנטימער, פירשט ראדזיוויל,

19 פנקס מדינת ליטא (ועד תמ"ד — 1684) סעיף תשפ"ה.

20) פנקס מדינת ליטא סעיף תשצ"ח ע' 199. אין דער מירער קהילה איז געווען א קאָפּיע פון דעם ליטווישן פנקס המדינה. ס'האָט זי געזען ישראל טוביה אייזענשטאט דער מחבר פון דעם ספר „דעת קדושים" אין יאָר 1888 ביים מירער רב, י' היילפערין: תוספות ע' 3 הערה 2.

21) Markgraf: Zur Geschichte der Juden auf den Messen in Leipzig, p. 29.

22) יוסף מיימון פלעגט ארענדירן אייניקע דערפער אין דער סביבה פון מיר.

23) Salomon Maimons Lebensgeschichte, München, 1911, p. 140-147.

וועלכער פלעגט, לויט די זכרונות פון שלמה מיימון, אין צושטאנד פון שיכרות חרוב מאכן בתי־מדרשים. איין מאָל איז ער געקומען קיין מיר מיט זיין גאנצער סוויטע, אריינגעגאנגען אין בית־המדרש און אלץ צע־שטערט, האָט אויסגעשלאָגן די שויבן, אראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד די ספרי־תורות. איינעם א יידן, וועל־כער האָט זיך דערוועגט אויפצוהייבן א ספר־תורה, האָט דער פירשט דערשאסן. איין מאָל איז ער ארויפ־געגאנגען אויפן בית־עולם און אריינגעוואָרפן מצבות אין שייטערהויפנס.

אויך נאָך דעם ווי דער מדינה־ועד איז צעלאָזט



רחוב הגשר / גאס צו דער בריק

געוואָרן, האָט מירער קהילה געהאט א געזעלשאפט־לעכע חשיבות. דערויף זאָגט עדות דער פאקט, וואָס אין דער צייט פון דעם באוווסטן מחלוקת אין דער ווילנער קהילה קעגן דעם רב רב שמואל בן אביגדור איז זיך אין מיר צונויפגעקומען, אין אָקטאָבער 1785, לויטן באפעל פונעם וואָיעוואָדע, א בית־דין פון רבנים צו באהאנדלען די ענינים וואָס האָבן א שייכות צום ווילנער רבנות [24].

נאָך דער צעטיילונג פון פוילן און דעם איינשלוס פון ווייסרוסלאנד צו רוסלאנד האָט מיר געהערט צו נאָוואגרודעקער קרייז, אין מינסקער גובערניע.

אין דער ציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1806, זענען אין מיר געווען 807 יידן (344 מאנסביל, 463 פרויען).

צווישן די בעלי־מלאכות און ערדארבעטער זענען אין דער יידישער באפעלקערונג געווען: 106 שניידער, 5 גאָלדשמידן, 6 שטריקנדרייער. אבער די ציילונג לויט די פאכן איז נישט קיין גענויע, און מיר האָבן נישט אלע צאָלן [25].

יידישע בעלי־מלאכות האבן געמעגט, לויטן געזעץ פון יאָר 1804, אריינטרעטן אין א האנטווערקער־פאר־איין, אויב דאָס איז נישט געווען אין קעגנזאץ צו דער שטאָט־פריווילעגיע. אָבער מירער יידישע בעלי־מלאכות

24 ד״ר ישראל קלויזנר: וילנא בתקופת הגאון, ירושלים, תש״ב.

25 ה׳ אלעקסאנדראוו: די יידישע באפעלקערונג אין ווייסרוסלאנד אין דער צייט פון די צעטיילונגען אין פוילן. צייטשריפט, מינסק ב.IV בייל אגע III, יידן אין נאוואגראדקער אויעזד אין אנהייב 19 יארה. ע׳ 74.

האָבן דאָס נישט געקאָנט דערגרייכן צוליב דער קעגנערשאפט פון די קריסטלעכע בעלי־מלאכות.

אין יאָר 1818 איז די צאָל יידן אין די דערפער, וואָס האָבן געהערט צום קירכע־ראיאָן פון מיר, געווען 494 [26].

אין דער ערשטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט זענען געווען א סך יידישע וועבער. אין יאָר 1831 האָבן זיך באשעפטיקט מיט וועבעריי 40 יידן מיט זייערע פאמיליעס. זיי האָבן עקאָנאָמיש מצליח געווען, זיך איינגעאָרדנט און אויפגעבויט הייזער, און פאר זייער פראָדוקציע געהאט אָפּזאצמערק אויך אויסער דער שטאָט. אָבער זייער מעמד איז געווען א שווערער צוליב דער קעגנערשאפט פון דעם „האנטווערקער־פאראיין". די קריסטלעכע וועבער, געהעצט דורך די קאטוילישע גלחים, פלעגן ארויסטרעטן קעגן די יידישע וועבער, זיי שטערן מיט אלערליי מיטלען און זיי האבן זיך געפרווט אוועקרויבן ביי זיי דאָס רעכט זיך צו פארנעמען מיט וועבעריי.

ס'האָבן זיך זיי איינגעגעבן זייערע באמיאונגען ביי דער אָרטיקער מאכט צו באשטעטיקן די אלטע פריווילעגיע פון דעם פירשט ראדזיוויל פון יאָר 1686, לויט וועלכער די יידן האָבן נישט געטאָרט ארייננטרעטן אין דעם „וועבער־האנטווערקער־פאראיין" און זיך באשעפטיקן מיט וועבעריי. די אָרטיקע מאכט איז אנטקעגנגעקומען זייער פאָדערונג. דער פירער פון די יידישע וועבער האָט אין יאָר 1832 זיך געוואָנדן צום אינערן־מיניסטעריום אין פעטערבורג מיט א ביטעשריפט און אונטערגעשטראָכן, אז די יידישע וועבער פארנעמען זיך מיט האנטווערק פון קינדווייז אויף, און אויך אלע פון זייערע פאמיליעס פארנעמען זיך מיט וועבעריי. זייער אפעלאציע האָט פאר זיי גאָרנישט געענדערט.

פארקערט, אין א צייט שפעטער איז אָנגעקומען פון אינערן־מיניסטעריום א באשלוס, וואָס שטעלט פעסט, אז די אָרטיקע מאכט האָט געהאנדלט ריכטיק, באשטעטיקנדיק אויפסניי די פריווילעגיע פון יאָר 1686 [27].

מירער קהילה איז מפורסם געוואָרן אין נײַנצעטן יאָרהונדערט מיט איר ישיבה [28], וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1815, און איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע ישיבות אין ליטע. א דאנק דער ישיבה, אירע אָנפירער, ראשי־ישיבות, למדנים איז מיר געוואָרן איינע פון די שטארקסטע פעסטונגען פון דעם אָרטאָדאָקסישען יידנטום אין ליטע און אין גאנץ רוסלאנד.

אין יאָר 1847 האָט באטראָפן די צאָל יידן אין מיר 2,273 נפשות. דער וווּקס פון דעם יידישן ישוב אין דער צווייטער העלפט פון נײַנצעטן יאָרהונדערט זעט אויס אזוי לויט דער ציילונג פון יאָר 1897: צווישן 5401 שטאָט־איינוווינער זענען געווען 3310 יידן, וואָס דאָס מאכט אויס 61,5% פון דער גאנצער באפעלקערונג.

26) אין דאס זענען די דערפער, אין וועלכע ס'האָבן געוווינט יידן: לוק — 6 יידן. ריזשעפיאוו — 3, בראנאש — 5, קריניטשע — 5, נאווע — 6, סטירע — 3, ליאטקע — 5, דודזינאוויטש — 5, דאלגינאוו — 6, ביקאוויטש — 5, אברינצע־וואלין — 12, אברינע פאקטאזש — 13, באלטשיץ — 3, זאגארש — 7, קאריטשאוו — 4, שענק אין ווילטשע בלאטעס — 5, ביי דער מיל — 5, ווירטשאַפט פון איציק פאקטאָר — 6, יעוווזאוויטש — 3, אכרימאוויטש — 4, מאלאסלעוו — 4, וועלטאוו — 4, לוקאוויטש — 4, ווירטשאפט צענצשעפאקטער — 6, דראזדי — 5, הארקי — 5, אוסטראוויק — 18, בילהאקאסטראווסקי — 22, קרעטשמע יעדלין — 4, מיל זשוראוויטש וועליקי — 3, בורדעוויטש — 12, דאָלמאטאווששיזנע — 13, ווישקוו — 5, זאסציאנעק — 5, נעגיניטשי — 12, האראָדזין — 11, דאזשעטשע — 8, סאוואניע — 6, סימאקאָוו — 6, סקאָמאָראשקי — 7, זאלוזשע — 11, סאַוואניע — 3, הערעטאק — 5, ליובניע — 5, סלאָבאָדע — 3, וואלינא — 3, זאמירשע — 4, נאווע — 6, קרעטשמע ביי גראבליע — 5, האראָדזין — 8, פאָדלעסיע — 5, קרעטשמע ביים וועג — 11, וויטאַשעריוו — 6, אָזערקי — 4, בערעזענע — 5, ווירטשאפט זאלוטשע — 4, בערעזאָוו — 15, קרעטשמע ביים וועג — 5, סלאבאדע — 3, טעראסוויטש — 3, פיאנעטשנע — 5, ראדוניע 7, די ווירטשאפט פונעם ארענדאר — 3, ניעדוועדוף — 6, פראסטיאך — 4, האראדעיע — 6, וואראטיטשע — 2, שענק קאריצין — 4, דוטשיץ — 7, צערבאטסטין — 6, שענק היניע — 6, ווירטשאפט אומי — 10, זשוכאוויטש — 19, קאזשאוו — 4, שענק מיראנעץ — 4, אוניצו — 3, וואראטאוויטש — 3, הארבאטש — 3, יאבלאנאוויטשנא — 14, פאוולאוויטשיזנא — 10.

27) ש. ראמבאך: די יידישע באלמעלאכעס אין רוסלאנד אין דער ערשטער העלפט פון XIX יאָרה. צייטשריפט I, ע' 27.

28) זע די ארטיקלען וועגן דער ישיבה.

נח מישקאווסקי

# מיין שטעטל מיר *)

כאטש איך בין געבוירן געווארן (1878) אינם שטעטל קאפולע, האלט איך זיך אבער פאר א מ י ר ע ר, ווייל פון קאפולע האבן זיך מיינע עלטערן אריבערגעצויגן קיין מיר, ווען איך בין אלט געווען אנדערהאלבן יאר. בעת קאפולע איז מיר פון יענע יארן אינגאנצן אומבאקאנט, האב איך אבער אין מיר פארבראכט מיין גאנצע קינדהייט, ביז איך בין אלט געווארן זיבעצן יאר.

איך געדענק גוט די היפּט־גאסן ווילנער, זשוכאוויטשער און מיראנקער. איך געדענק אויך דעם שול־הויף מיט דער קאלטער שיל, מיטן בית המדרש און אנדערע קליינע שולכלעך און שטיבלעך און די אלע געסלעך, וואס ציען זיך פון שול־הויף און ווייטער אביסל דאס ניי־שטעטל, וואו אונדזער שטעטלדיקע ארעמקייט האט געלעבט אין אומבאשרייבלעכער נויט. מיר געדענקט זיך אויך די שטאט טיילן פאדאל און יורזדיקע און אויך די געסלעך, וואו עס האבן געוואוינט די שטעטלדיקע מעשטשאנעס און די טאטערן, וועלכע מען האט ביי אונדז גערופן, לויטן אויסדרוק פון חומש, קדרים. באזונדערס געדענק איך גוט אונדזער פעסטונג — דעם שלאס, וואס האט אין די אמאליקע צייטן פארטיידיקט אונדזער שטעטל פאר אנפאלן מצד די פרעמדע חיילות. דעם דאזיקן פעסטונג־שלאס האט נאפאלעאן אין זיין גאנג אויף מאסקווע פון אלע זייטן צעשאסן און פון דעמאלט אן איז פון אים פארבליבן בלויז א חורבה. אבער אמאל־אמאל האבן אין אים געלעבט די גראפן און קניאזשן, צו וועלכע אונדזער שטעטל האט באלאנגט. דער שלאס איז געווען אן אמתע פעסטונג צוגעפאסט פאר די מלחמות אינם מיטל־אלטער. א גרויסער מויער מיט זייער דיקע ווענט א דריי־פיר עטאזש די הויך, מיט טורעמס ארום אלע זייטן, געבויט מיט א ברייטער האנט און מיט א סטראטעגישן קאפ. אונטן, האט מען דערציילט, איז דא אן אונטערערדישער וועג, דורך וועלכן מען קען מיט א קארעטע, געשפאנט מיט פיער פערד, אנטלויפן אזש קיין נעסוויזש, וואס ליגט 28 וויארסט פון אונדזער שטעטל. ארום דעם שלאס זיינען געווען אנגעשאטענע בערגלעך און אביסל ווייטער צו האט געפלאסן אונדזער טייכל — די מיראנקע. צום שלאס, פלעגן מיר, קינדער, אלע שבת, נאכן טשאלנט, קומען צו גיין פארוויילן זיך. מיר פלעגן ארייגגיין אינווייניק, שפאצירן איבער די ריזיקע חרובע צימערן, קלעטערן איבער די עטאזשן, דורכגיין די ברייטע לאנגע קארידארן, גיין מיט די „שווינדל־טרעפּ" אין דער הויך און דערנאך אויבן שפאצירן איבער די צעשאסענע ווענט, כאטש דאס איז געווען זייער ריזיקאליש. וועגן שלאס האבן זיך קינדער דערציילט פארשיידענע מעשות וועגן די „ניט גוטע", וועלכע פראווען דארט יעדע נאכט זייערע ארגיעס, וועגן די שיינע מכשפות, וואס פארנארן אהין אומשולדיקע מענער און אז אך און ווי איז דעם, וואס פאלט אריין אין זייערע הענט : זיי שפּילן זיך מיט אים, קושן און האלדזן אים אזוי לאנג, ביז ער שטארבט אין זייערע ארעמס. און מיט גרויס שרעק האבן די קינדער דערציילט, ווי אט ניט לאנג צוריק האבן זיי געפאקט דעם וועכטער פון שלאס און טאקע יענע נאכט איז ער געשטארבן אין די ארעמס פון די שיינע שלאס מיידלעך. פלעגן מיר טאקע קיינמאל ניט גיין אליין אין דער שלאס־חורבה, נאר אלע מאל אין גרופן, כדי די מכשפות זאלן אויף אונדז קיין שליטה נישט האבן.

ארום א האלבן וויארסט ווייטער פון שטעטל האט זיך געפונען „דער הויף" פון די פריצים, צו וועלכע דאס שטעטל האט געהערט. אין מיין צייט איז דער פריץ פון שטעטל געווען אן אלטער פאלאק פוציאטא. ער האט דארט געוווינט מיט זיין גרויסער הויזגעזינט און מיט זיינע צענטליקער באדינער. דערנאך איז דער הויף אריבער צום נייעם באלעבאס פון שטעטל — דעם קניאזש סוויאטאפאלק מירסקי. אט דער דאזיקער הויף

*) פון בוך „מיין לעבן און מיינע רייזעס", מעקסיקע 1947.

איז פאר אונדז, קינדער, געווען שוין גאר א פרעמדע און אפילו א „פיינטלעכע" מלוכה... אהין האבן מיר מורא געהאט צו גיין, ווייל ערשטנס האבן מיר מורא געהאט פאר זיין „וואַרטאַווניק" (דעם היטער), וואס האט ליב געהאט פון אונדז אראפצורייסן די היטלען, צווייטנס האבן מיר מורא געהאט פאר זיינע גרויסע הינט. מען האט געשמועסט אין שטעטל, אז ביים אריינגאנג אין הויף שטייט א שרעקלעכער וואלף מיט אויסגעשטשירעטע ציינער און גלייך, ווי ער דערזעט אימיצן, וואס גייט אריין אין הויף, גיט ער זיך אויף אים א ווארף און צערייסט אים אויף שטיקער...

אויף דער צווייטער זייט פון שלאס, אויפן וועג צו די „קדרשע מאהילקעס" (טאטערשער בית עולם), האט זיך געפונען נאך א פריצישער הויף. א לאנגע צייט האט ער געפוסטעוועט. אבער דערנאך האט זיך אריינגעקליבן דער שטעטלדיקער ריכטער. דארטן, אין דעם צווייטן הויף, האט ער געטיילט „גערעכטיקייט".

אלס 16 יאריקער יינגל האב איך געהאט די „זכייה" צו ארבעטן ביי אים אלס ניט אפיציעלער סעקרעטאר, ווייל, אלס ייד, האב איך דעמאלט קיין רעכט ניט געהאט צו פארנעמען אזא הייכע „רעגירונגס שטעלע".

דער מיר, ווי מיר האבן גערופן דאס שטעטל, האט געהערט צו מינסקער גובערניע. ניט ווייט פון מיר האט זיך געפונען אונדזער קרייז שטאט, נאווארידאק און א 15 וויארסט פון שטעטל האט זיך אויך געפונען די באן־סטאציע פאראדייע, אדער נאראדזשע ווי מיר האבן זי גערופן. די שטעטל האט געהאט א באפעלקערונג פון פינף טויזנט נפשות, פון וועלכע די מערסטע זיינען געווען יידן. די יידן האבן פארנומען דער עיקר דעם צענטער פון שטעטל מיטן מארק, אבער זיי זיינען אויך געווען פארשפרייט אין די אנדערע טיילן פון שטעטל, נאר שוין ניט אין אזא געדיכטער צאל ווי אין צענטער. די פינף טויזנט־קעפיקע באפעלקערונג האט זיך געטיילט אויף דריי ראסן: די סעמיטישע — די יידן; די קאווקאזישע — די ווייסרוסן און די מאנגאלישע — די טאטערן. לויט דער רעליגיע האט זיך די באפעלקערונג אויך געטיילט אויף דריי באזונדערע גרופן: די טאטערן זיינען געווען מאכמעדאנער, די ווייס־רוסן — פראוואסלאוונע און די יידן האבן זעלבסטפארשטענדלעך געהאלטן פון תורת משה.

אין יענער צייט זיינען דאס געווען דריי באזונדערע וועלטן, וואס האבן כמעט קיין שום געמיינשאפטלעכעס צווישן זיך ניט געהאט א חוץ דעם, וואס זיי האבן אנגעהאלטן צווישן זיך בלויז האנדלס באציאונגען.

דער לעבעדיקסטער טייל פון שטעטל איז געווען דער מארק. דא האבן זיך געפונען שענערע געביידעס, דא זיינען געווען די צוויי קלויסטערס, דא האבן געוווינט די רייכערע יידן, דא האבן זיך געפונען אלע קראמען, די שיינקען און אויף דער נאכט איז דער מארק געווען באלויכטן מיט קעראסין לאמטערנעס.

אין די יידישע געגנטן זיינען די גאסן געווען ברוקירט. אבער דאס האט נישט פארהיט, אז אין פרילינג און אין הארבסט זאלן זיין אזעלכע בלאטעס, אז מען האט נישט געקענט דורכגיין די גאסן.

פון די שענסטע געביידעס אין שטעטל זיינען געווען די צוויי קלויסטערס און להבדיל די קאלטע שול, ווו מען האט ווינטער צייט ניט געדאוונט צוליב דעם, ווייל די שול איז ניט געווען געהייצט. אויך דער בית המדרש אויפן שול־הויף, די געביידעס פון דער רוסישער פאלקס־שול און שטאטישע זעקס קלאסישע לערן־שול און די מויערן פון די קאמענצקעס און לעווינס.

ניט ווייט פון שול־הויף האט זיך געפונען די וועלט באוווסטע מירער ישיבה, וועלכע איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1815. אין מיין צייט איז דער ראש הישיבה געווען רב חיים לייב. רב חיים לייבן געדענק איך נאך זייער גוט. ער איז געווען דער אמהעכסטן געאכטעטער און אנגעזעענסטער ייד אין שטעטל. איך האב פאר אים אינסטינקטיוו שטארק מורא געהאט, ווייל מיינע עלטערן זיינען געווען ניט קיין פרומע, האבן ניט געפירט קיין כשרע קיך און איך האב זיך אלעמאל געשראקן, אז ער, אלס „הייליקער" זאל אונדז חלילה ניט פארשילטן... מען האט פון אים געהאלטן אין שטעטל און אין ווייטן ארום א סך מער ווי פון אונדזער רב ר' ליפעלע, וואס האט אויך געהאט א שם אין דער דעמאלסטיקער ווייס־רוסלאנד. רב חיים לייב האט זיך ניט געמישט אין שטאטישע ענינים, נאר האט זיך אפגעגעבן אינגאנצן דער ישיבה. ער איז געוועזן א ייד ניט פון דער וועלט, נאר פון א גאר אנדער וועלט, פון א העכערער, שענערער און מאראלישער וועלט. ער האט געשוועבט אין די הימלען און זיך באוועגט נאר

אין דער וועלט פון דער העכסטער יידישער מאראל. מיט זיין אליין האט ער זיך ניט אפגעגעבן, נאָר זיין גאנצע צייט האט ער זיך פארנומען מיט די ישיבה בחורים, וועלכע ער האט אלעמאל געהאט אין א צאל פון 400—500.

מיר האבן שוין דעמאלט געהאט אין אונדזער שטעטל יידישע לערער, דאקטוירים, אפטייקערס, צוויי אדוואקאטן. א טייל פון אונדזער יוגנט האט זיך מיט לייב און לעבן אריינגעטאן אין לייענען וועלטלעכע ביכער. נאך פון יענער צייט געדענק איך די ברידער זעלדאוויטש, וואס האבן זיך אליין אויסגעלערנט אויסער רוסיש און דייטש אויך ענגליש. איך געדענק די יידישע סטודענטן יעקב האלפערן, סאלאמאן און פאדיי לעווין, שמואל לעדער, דעם פראפעסאר פון מנעמאניק פיינשטיין און די העכסט געלערנטע ווערא לעווין, פריינט פון א. לעסינגען אין זיין מינסקער פעריאד. די אריינגעשיקטע רוסישע „אינטעליגענץ" ווי די לערער, דער ריכטער, דער פריסטאוו און דער גלח האבן מער פארגניגן געהאט צו חברן זיך מיט די אינטעליגענטע יידן, ווי מיט זייערע אייגענע גלויבנס גענאסן.

מיר האבן שוין דאן אין אונדזער שטעטל געהאט א גרויסע ביבליאטעק, וואס איז באשטאנען פון א גרויסן אויסוואל פון רוסישע, יידישע און העברעאישע ביכער, פריער אין הויז פון שואל ראזאווסקי און דערנאך אין הויז פון איסאאק שווארץ. אחוץ דער ביבליאטעק איז ביי אונדז אין שטעטל געווען א מיידל, וועלכע מען האט גערופן פריילין פעדער, וואס פלעגט אויסשרייבן יידישע ביכער, ראמאנען, מעשה ביכלעך און זיי געבן לייענען אויף פראקאט אירע שטענדיקע קונדן. דערנאך, אז עס האבן אנגעהויבן דערשיינען די יידישע ליטערארישע זאמלביכער, פלעגט זי זיי אויך קויפן און געבן דורכלייענען אויף פראקאט. אזוי ארום האט זי געשפרייט ליכט און וויסן אין אונדזער שטעטל.

ביי אונדז אין שטוב פלעגן אריינקומען רוסישע צייטונגען, זשורנאלן, מיין פאטער האט פארמאגט א שיינע רוסישע ביבליאטעק פון די קלאסיקער און איבערזעצונגען פון אייראָפּעאישער ליטעראטור. דאך מוז איך צוגעבן, אז לייענער פון רוסישע, יידישע און העברעאישע ביכער אין מיין שטעטל צו יענער צייט איז געווען ניט גרויס אין צאל, אפשר אַ 40—50. געלייענט האבן מערסטנס פרויען און זייערע באליבסטע ביכער זיינען געווען שמר׳ס „העכסט אינטערעסאנטע" ראמאנען. אין אלגעמיין איז נאך דאס יידישע לעבן אין דער מיר צו יענער צייט געווען פארגליווערט. דער גרויסער רוב פון דער יידישער באפעלקערונג איז געווען זייער פרום און אלע האבן זיך אויסגעלעבט לויט דער אלטער יידישער טראדיציע.

ביי אונדז פלעגט מען די יידן אין שטעטל שאצן נישט לויט זייער עשירות, נאר לויט זייער לומדות. די „רייכקייט" פון יחיד איז געגאנגען אויפן צווייטן ארט.

די עקאנאמישע לאגע פון די יידן אין שטעטל איז געווען א שרעקלעכע. כמעט 80 פראצענט פון דער יידישער באפעלקערונג האבן ניט געהאט ברויט צו דער זעט. די קריסטן האבן זיך באשעפטיקט מיט זייער לאנדווירטשאפט, דאקעגן די יידן האבן דאס ניט געטארט. די רעגירונג האט פארשטאפט פאר די יידן אלע קוואלן פון חיונה און ביז היינטיקן טאג קען איך נישט פארשטיין ווי אזוי די מירער ארעמע יידן זיינען פשוט נישט אויסגעשטארבן פון הונגער. פרנסה האבן ביי אונדז געהאט בלויז די שענקער, עטלעכע רייכערע קרעמער, א פאר פראצענטניקעס, די וואלד הענדלער, די וואלד אנגעשטעלטע און די פארשיידענע יידישע פראפעסיאנאלן, בעת די גרויסע מערהייט פון די קרעמער, די בעלי מלאכות, די קליינע תבואה הענדלער, די דארפס־גייער, די סאדאווניקעס און די יידן מיט ענלעכע „פרנסות", האבן זיך זייער גאנצן לעבן געמאטערט און האבן קיינמאל ניט געהאט קיין זאטן מאלצייט. נאך א גליק, וואס די צארישע רעגירונג האט ניט פארווערט די מארק טעג, וואס פלעגן ביי אונדז פארקומען יעדן זונטיק און צוויי מאל א יאר זיינען געווען אין שטעטל יארידים. אויף דעם האבן די יידן ארויסגעקוקט ווי אויף מן פון הימל. פון די ארומיקע דערפער פלעגן אנקומען טויזנטער פויערים. זיי האבן פארקויפט זייערע פראדוקטן און פארן געלייזטן געלט האבן זיי אנגעקויפט פאר זיך: טאבאק, נאפט, היטלען, לייוואנט, פארשיידענע מאטעריעס, לאנדווירטשאפטלעכע געצייג און מתנות פאר די ווייבער און קינדער. נאך יעדן קויף און פארקויף זיינען די פויערים אריין אין די שענקען. יידן האבן זיך געגרייט צום יאריד מיט וואכן און וואכן פריער. און אלע זיינען געווארן סוחרים מען האט אנטליען א פאר רובל און מען האט געהאנדלט. געקויפט און פארקויפט אייער,

הינער, תבואה, אַ בושל עפּל און אין קעשענע איז געבליבן עפּעס ריוח. די רייכערע האָבן געקויפט שעפּסן, קעלבער, פערד און פון דעם דאָזיקן מסחר האָט מען שוין געהאַט פּרנסה אויף אַ האַלבן יאָר. יידן האָבן אויך אַ גאַנץ יאָר אַרויסגעקוקט אויף דעם פּריזיווי צייט; ווען „נאָוואָבראַנצעס" פלעגן פון גאַנצן אַרומיקן געגנט אָנקומען אין שטעטל, ווייל דעמאָלט האָבן די שענקער און די קרעמער זייער גוט געלייזט. אמת, זייער אָפט פלעגן זיך די מערק און דאָס אָנקומען פון די נאָוואָבראַנצעס פאַרענדיקן מיט געשלעגן צווישן זיך אַליין אָדער צווישן די קריסטן און די יידן. אין אַזאַ פאַל פלעגן זיך באַווייזן די יידישע שטאַרקע יונגען און די קצבים און פאַרטריבן די שיכורע אָנפאַלער.



קב' מגויסים לצבא הרוסי בשנת 1914 / פּריזיוניקעס צום רוסישן מיליטער, 1914.

פון די אַלע אַרומיקע יידישע שטעטלעך האָבן זיך די יידן פון מיין שטעטל מיר אויסגעצייכנט מיט זייער איידלקייט און געלערנטקייט. אונדזערע יידן פלעגן זיך גרויסן: ווי קומען די קלעצקער, די סטויפּ־צער, די נעסוויזשער אָדער די לעכעוויטשער צו די מירער? און מיר אַלע האָבן טאַקע פּשוט שטאָלצירט דערמיט, וואָס מיר זיינען מירער...

— — —

מיין טאַטע אַ געוועזענער ישיבה בחור האָט גע־קענט לערנען און איז געווען אַ סך באַהבנט אין דער וועלטלעכער בילדונג. ער איז געווען אין פּולן זין פון וואָרט אַ מאָדערנער מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ. זייענדיק אַן אַדוואָקאַט, האָט ער פּרינציפּיעל קיינמאָל נישט פאַרטיידיקט אַ פאַרברעכער און קיינמאָל נישט אָנגענומען קיין פּראָצעס פון אַ קריסט קעגן אַ יידן. מיין טאַטע האָט גערעדט און געלייענט אין עטלע־כע שפּראַכן און איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער שיינער ליטעראַטור. ער האָט אַ סך געשריבן אין יידיש. מיר איז עד היום געבליבן אין זכרון זיינס אַ גרעסערע ווערק: „די פּאַלעסטינער עמיגראַנטקע". אויף וויפל איך געדענק איז דאָס געווען אַ בעלעטריס־טיש ווערק מיט אַ שטאַרקן פּאַטריאָטישן אינהאַלט אין וועלכן ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק פון די „חובבי ציון". ער האָט אויך געשריבן דראַמען, קאָמע־דיעס און דערציילונגען. זייער אָפט פלעגט ער פאַר דער מאַמען, פאַר אונדז קינדער און פאַר חשובע געסט פאַרלייענען עפּעס פון זיינע שריפטן. דעמאָלט זיינען אָבער נאָך נישט געווען קיין יידישע פּעריאָדישע אויס־גאַבן און אויך נישט קיין פאַרלעגער, אַזוי אַרום האָט ער דאָס נישט געקענט אָפּדרוקן. ערשט נאָך זיין טויט האָט מיין מאַמע, שוין דעמאָלט עטלעכע און אַכציק יאָר אַלט, בלייבנדיק אַליין און נישט וועלנדיק, אַז די אַלע שריפטן זאָלן אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, דאָס

אלץ אליין פארניכטעט. (זע מיין מוטערס ארטיקל „פון דער אמאליקער קאפוליע" — זכרונות פון שרה מישקאווסקי, ייווא בלעטער, מערץ אפריל 1937).

פון יענער צייט געדענק איך אויך קוים קוים די ערשטע עפאכע פון דער „חובבי ציון" באוועגונג אין די אכציקער יארן. איך געדענק ווי מיין פאטער איז געווען פארנומען מיט דער „חברה". ער איז געווען אי דער פארזיצער און אי דער סעקרעטאר פון דער ארגאניזאציע אין דער מיר. אפט פלעגן ביי אונדז אין הויז פארקומען די זיצונגען און מיין טאטע פלעגט ריידן. איך געדענק ווען פרץ דעם דיינס, א הייסער חובבי ציוניק האט פארלאזן אונדזער שטעטל און צוזאמען מיט זיין הויז-געזינט אין ער אוועקגעפארן קיין ארץ ישראל. ביי אונדז אין הויז איז דעמאלט צוליב דעם געווען א סעודה, אלע האבן גערעדט און אויף צומארגנס האבן אים אלע חובבי ציוניקעס ארויסבאגלייט פון שטעטל. איך האב דעמאלט פארלארן א חדר-חבר. דאס איז געווען פרצעס יינגל, וועלכער איז צוזאמען מיטן פאטער אוועקגעפארן קיין ארץ ישראל און אין מיין קינדערשער פאנטאזיע האב איך מיר פארגעשטעלט, ווי מיין חבר ווערט א פאסטוכל אויף די הרי ציון און איך האב אים שטארק מקנא געווען...

— — —

צו פינף יאר האט מיך די מאמע אוועקגעפירט צו מיין ערשטן מלמד, קיווע קוגעלע. איך האב דערנאך געלערנט ביי נאך צוויי מלמדים. ארום און ארום בין איך געגאנגען אין חדרים נישט מער, ווי קנאפע פיר יאר, פאר דער דאזיקער צייט האב איך געלערנט חומש אויך יהושע, שופטים, שמואל און דערמיט האט זיך כמעט פארענדיקט מיין אלטע, יידישע דערציאונג.

אין יענער צייט האבן מיר געוווינט ביי דאדזשען (דודן) — א ייד, וואס פלעגט שרייבן ביטעס (פראשעניעס) צו די רוסישע באאמטע. ער איז געווען אן אלמן און האט ליב געהאט דעם ביטערן טראפן. ער פלעגט אלעמאל א היים קומען זייער שפעט. זיין זון בערל, א יינגל פון א יאר דרייצן, וואס האט שוין באזוכט די רוסישע קרייז-שול, איז געווארן מיין ערשטער לערער פון רוסיש. אין גיכן האבן מיר מיינע עלטערן געשיקט אין רוסישער פאלק שול. באזוכנדיק די פאלק שול, האב איך זיך געלערנט ביי צוויי פריוואטע לערער, ביי דעם לערער וויינער, האב איך געלערנט העבראיש און שוין דערגאנגען אזוי וויט, אז איך האב די געשיכטע פון „ראבינזאן קרוזא" איבערגעזעצט פון רוסיש אין העבראיש, און דייטש האב איך זיך געלערנט ביי ז. דייטשקע, פרוליין טעק.

מער פון אלץ האב איך ליב געהאט די אוונטן, ווען מיין פאטער פלעגט זיינע דערציילונגען אדער הערן פארלייענען דעם ראמאן פון מירער לעבן, וואס מענדל צירינסקי, דער זייגערמאכער, האט צו יענער צייט געשריבן. אויף וויפל מיר געדענקט זיך, האט ער אים געשריבן מיט גרויס טאלאנט. זיין קומען און לייענען איז פאר מיר געווען א גאנצער יום-טוב. ביי מיינע עלטערן האט זיין ראמאן שטארק אויסגענומען. אין מיטן שרייבן פון זיין ראמאן איז ער אבער אוועקגעפארן קיין אמעריקע און מער האבן מיר פון אים נישט געהערט.

אין יענער צייט איז מיין פאטער געווען שטארק פארנומען מיט גרינדן בילדונגס קורסן פאר אונדזער ארימער יוגנט. ער האט געהאלטן אין איין אגיטירן, אז די גאנצע צרה פון יידן באשטייט אין דעם, וואס מיר פארנעמען זיך נישט מיט פראדוקטיווער ארבעט, נאר מיר פארמאגן קרעמער, שענקער, פעדלער, קאראבעלניקעס מער וויפל מען דארף. איינע קאנקורירן מיט די אנדערע און רייסן ארויס ביים צווייטן דעם לעצטן ביסן פון מויל. אויך דער אנטיסעמיטיזם — האט ער געטענהט — נעמט זיך דערפון, וואס מיר ציען אונדזער חיונה פון דרייען מיטן שטעקל, פון א שמעק טאן אין מארק, פון ווינט. מען מוז ביי אונדז אין שטעטל עפענען א האנטווערקער שיל, ווו מען זאל לערנען אונדזער יוגנט ווי צו באארבעטן ערד, אדער זיי אויסלערנען צו זיין גוטע שניידער, שוסטער, שלאסער. זאל אונדזער האנטווערקער שול, — פלעגט ער פארענדיקן זיינע אפטע דרשות, — דינען פאר א ביישפיל פאר די ארומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי אזוי מען קען אריבערגיין פון לופט-פרנסות צו פראדוקטיווער ארבעט.

ער האט אבער נישט נאר אגיטירט, נאר ער איז אויך מיט אייזערנער ענערגיע צוגעטראטן צו פארווירקלעכן זיין אידעאל. ער האט דורך דער יידישער געזעלשאפט צו פארשפרייטן ארבעט, וואס האט זיך דאן געפונען אין פעטערבורג, געשאפן פאר דעם צוועק געלט און אויך נאך לאנגע שתדלנותן אין די הויכע רעגירונגס-ספערן, איז ער צוגעטרעטן בויען א הויז

פאר אזא אינסטיטוציע. אבער, ווען אלץ איז שוין געווען במעט פארטיק, איז אנטשטאנען א גרויסער עקאנאמי־שער קריזיס, צוליב וואס די גאנצע ארבעט איז אפגע־שטעלט געווארן.

איך געדענק א גאסט, וואס האט גאר א לאנגע צייט פארבראכט ביי אונדז אין הויז. דאס איז געווען מיינער א קוזין פון דער מאמעס צד, שמואל שמוראק האט ער געהייסן, און ער איז גלייכצייטיק געווען א פלימעניק פון אונדזער קלאסיקער, מענדעלע מוכר ספרים. שמואל האט זיך לכתחילה געהאדעוועט אין זיין פעטערס הויז ביי ר. מענדעלען אין אדעס און גלייך פון מענדעלעס הויז איז ער אלס 21־יאריקער בחור געקומען צו אונדז צו גאסט. מענדעלע האט פון אים געוואלט מאכן א פראדוקטיוון יידן און ער האט אים אריינגעגעבן אין דער פאך שול „טרוד", פון וועלכער ער, ר. מענדעלע, איז געווען דער דירעקטאר. שמואל האט זיך אלעמאל ליב געהאט צו באריםען מיט זיין גרויסן פעטער און האט אלעמאל דערציילט מעשות פון זיין פעטערס שטוב. אבער פערזענלעך האט ער זיך מיט קיינע פראגן נישט אינטערעסירט, האט גערעדט נאר רוסיש, האט זיך געקליידט ווי א טיראלער דייטש. א געוויסע צייט איז ער געווען א לערער אין אונדזער שטעטל און דערנאך א לערער אין בארא‌באוויטש, פון דארטן איז ער אוועק־געפארן קיין ווארשע.

יוסף ראלניק

# די ישיבה

פון דעם לעצטן מלמד בין איך אָנגעקומען אין ישיבה.

איך אַליין האָב ניט געהאַט קיין גרויסן חשק



הסופר י. רולניק, ניו־יורק

ווייטער צו לערנען גמרא און דער משגיח פון ישיבה, וואָס האָט מיך פאַרהערט, איז אויך ניט געווען צו נייגעריק אַריינצוקריגן מיך; אָבער עס איז געווען כמעט אַ טראַדיציע, אַז יעדער שטאָטישער יינגל, פון דעם שענסטן באַלעבאָס־קינד ביז דעם זון פון אָרימסטן שוסטער, אויב ער האָט זיך נאָר אַביסל אַריינגעפאסט, האָט געלערנט אַ פּאָר זמנים אין דער ישיבה.

מיין טאַטע האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז עס וועט עפּעס זיין פון מיר. פון דער צווייטער זייט, האָט דער משגיח ניט געקענט מיר אנטזאגן. מיין טאַטע איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס צווישן די נאָענטע ישובניקעס; מיר פלעגן נעמען אויף יעדן יום־טוב אַ ישיבה־בחור צו אונדז אַהיים אויף אַ וואָך צייט און אויף ימים נוראים אויף אַ גאַנצן חודש. ווען איך בין עלטער געוואָרן און געהאַט באַקאַנטשאַפט צווישן די ישיבה־לייט, פלעג איך אַליין אויסקלייבן דעם בחור אָדער יינגל, וואָס איז מיר געפעלן געוואָרן. מען פלעגט זיי ביי אונדז אין שטוב און אין די אַנדערע שכנישע הייזער גוט אויפנעמען. אַנדערע פון זיי האָבן געהאַט אַ שיינעם קול נגינה און האָבן געקענט זינגען חזנישע

יוסף ראלניק, געבוירן 1879 אין דארף זשוכעוויץ, נעבן מיר ביז 15־טן לעבנסיאר געלערנט אין דער מירער ישיבה. 1899 אויסגעוואנדערט קיין ניו־יארק. צוריקגעקומען און געחוי‌נט אין מינסק. 1908 צום צווייטן מאל אויסגעוואַנדערט קיין ניו־יארק און דארט שוין פארבליבן ביזן טויט אין 18.7.1955. מחבר פון עטלעכע ביכער לידער און א בוך זכרונות (1954).

שטיקלאַך און פלעגן פרייליך מאַכן די שטוב. מען פלעגט זיי רופן אויף די נעמען פון די שטעט, ווי זיי האָבן זיך גערופן אין דער ישיבה.

די ישיבה איז געווען אַ גרויסער בנין ניט ווייט פון שול־הויף. אינווייניק זענען געשטאַנען צוועלף טישן. צען אַרום די ווענט און צוויי אין מיטן פון ישיבה. צווישן די מיטלסטע טישן זענען געשטאַנען צוויי דיקע הילצערנע זיילן, וואָס האָבן אונטערגע־שפּאַרט דעם סופיט. די צוויי טישן האָבן זיך גערופן: דער משמר־טיש און דער אחורי־המשמר. ביי די צוויי טישן האָט מען געלערנט יום ולילה. אז איין ישיבה־בחור איז אַוועק איז געקומען אַ צווייטער. איניגע פלעגן לערנען ביז פאַרטאָג און אַנדערע פלעגן אויפשטיין פאַרטאָג און קומען זעצן זיך לערנען אויף זייער אָרט.

די איבעריגע צען טישן האָבן אויך געהאַט נעמען: פון די טישן, וואָס זענען געשטאַנען אין מזרח אויף ביידע זייטן פון ארון קודש האָט זיך איין טיש, דע... אויף דער רעכטער זייט, גערופן אויפן נאָמען פון ראש ישיבה, ר' חיים־לייב'ס ט"ש; און דער טיש, וואָס אויף דעם לינקן זייט פון ארון קודש האָט זיך גערופן — דעם רב'ס טיש: צום אָנדענק פון אַ פריערדיגן רב. די דאָזיגע צוויי טישן האָבן געהאַט, אזוי צו זאָגן, „אונטערטישן". איך זאָג „אונטערטישן" און ניט „הינטערטישן", ווייל זיי זענען געווען אַביסל נידע־ריקער אין חשיבות ווי די ערשטע טישן: אחורי ר' חיים־לייב און אחורי הרב. ביי די דאָזיגע מזרח־טישן זענען געזעסן די בעסטע בחורים מיט די גוטע קעפּ און אפשר אַזוי יחסנים. נאָך זיי, ביי די דרום און צפון ווענט, זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע טישן. דער נאָמען פון איינעם איז געווען דער „זייגער־טיש" און דער צווייטער טיש ביי דער צפון־וואַנט, האָט זיך גערופן „דער דאַרף־טיש". ביי די טישן זענען געזעסן די גרויסע דערוואַקסענע בחורים. עס זענען געווען נאָך טישן, קלענערע אין מדרגה: דעם משגיח'ס־טיש; ר' פּרץ'ס־טיש; דער אויוון־טיש און דער טיר־טיש. צוזאַמען — צוועלף טישן. אין פיר־הויז זענען געווען צוויי באַזונדערע שטיבלעך — איינס, אַ מין בית־מדרש'ל און דאָס צווייטע, אַ פּריוואַטער חדר פאַר דעם ראש־הישיבה.

לערנען האָט מען אָנגעהויבן ניין דעם זייגער אין דער פרי. דאַמאָלט פלעגן די ישיבה־בחורים „אַפּלייענען" דעם בלאַט גמרא, וואָס דער ראש ישיבה דאַרף היינט זאָגן דעם שיעור. פּונקט איינס דעם זייגער פלעגן די בחורים פון זייגער־טיש און דאַרף טיש אַלע מיט־אַמאָל אַ רוק טאָן זייערע טישן צום מיטן זאַל און זיך איינשפּאַרן אין די ביידע משמר־טישן, וואָס זענען געשטאַנען צום מזרח און מערב, און עס האָט זיך באַקומען אַ קאַסטן מיט פיר ווענט. ביי דעם מזרח־דיקן טיש האָט זיך געזעצט דער ראש־ישיבה זאָגן דעם שיעור און די ישיבה־לייט פלעגן זיך אַרומזעצן אַרום אַלע פיר זייטן און די וואָס האָבן ניט געהאַט ווו זיך צו זעצן, זענען געשטאַנען איבער די קעפּ פון די זיצנדיקע און געהאַלטן אָפן די גמרא'ס אין זייערע אויפגעהויבענע הענט. דער ראש־ישיבה פלעגט זאָגן דעם שיעור פון אַ אָפענער גמרא, אָבער די גוטע קעפּ פלעגן אים אַלע ווײַלע איבעררייסן מיט זייערע קשיא'ס, וואָס זיי האָבן פון פריער שוין צוגעגרייט און דער ראש־ישיבה פלעגט זיי די קשיא'ס צוריק אָפּשלאָגן אָדער פאַרענטפערן. ניט אַלע ישיבה־לייט פלעגן בלייבן אין דער ישיבה צום שיעור. אַ סך פלעגן פאַרלאָזן די ישיבה ביז נאָך־מיטאָג. דריי אַזייגער האָט מען זיך ווידער געזעצט לערנען ביי די טישן און מען האָט געלערנט ביז ניין אין אָוונט. מנחה און מעריב האָט מען געדאַווענט אין ישיבה גופא, סיי זומער, סיי ווינטער.

מיך האָט מען אַוועקגעזעצט ביים זייגער־טיש, ביי וועלכן עס זענען געזעסן די דערוואַקסענע בחורים, אָבער ניט אין איין ריי מיט זיי, נאָר אויף איינעם פון די קליינע בענקאַלעך ביי די עקן פון טיש. ביים שיעור־זאָגן, ווען מען האָט דעם זייגער־טיש גערוקט צום משמר־טיש, זענען די קליינעבענקעלעך אַוועק־גענומען געוואָרן און איך האָב ניט געוווסט צי איך געהער צום זייגער־טיש אָדער איך געהער ניט.



די פירער פון דער ישיבה זענען געווען: ר' חיים־לייב, דער ראש־ישיבה, אַ קליינער און אַ רירעווודיקער, מיט אַ שניי־ווייסער פענזל־בערדל. ער פלעגט אַרומ־גיין איבער דער ישיבה מיט קליינע טריטעלאַך וואַרפנדיק זיינע בליקן אויף אַלע זייטן. פּלוצלונג איז ער אויסגעוואקסן הינטער די פּלייצעס פון אַ ישיבה־בחור, וואָס האָט זיך געשאָקלט ביי דער גמרא און אים געשטעלט אַ פראַגע, טאָקע פון דעם זעלבן בלאַט

גמרא (צו מיר איז ער קיינמאָל ניט צוגעגאַנגען, דערצו האָט מען גדאַרפט האָבן אַ זכיה).

אים האָט מען ניט פּיינט געהאַט און ניט האָלט געהאַט — מען האָט פאַר אים געציטערט. מען האָט געזאָגט: פגיעתו רעה. אָבער אונטער די אויגן, ביי זיך אויף די סטאַנציעס האָט מען פון אים גערעדט מיט גרויס שטאָלץ און די וואָס האָבן פון אים געהערט




אַ גוט וואָרט, זענען גליקלעך געווען. ער האָט געזאָגט דעם שיעור פיר מאָל אַ וואָך.

דעם ראש ישיבה׳ס זון: ר׳ אברהם, אַהויכער, האָט געזאָגט דעם שיעור די אַנדערע טעג פון וואָך.



די מער היינטוועלטיקע, די יינגערע ישיבה-לייט האָבן געהאַט אַ שטיבל לעבן ישיבה ווו זיי האָבן געדאַוונט שבת בציבור. איינער איז געווען דער בעל-שחרית, אַ צווייטער דער בעל-מוסף און אַ דריטער דער בעל-קריאה און די איבעריקע — איז ווער עס האָט געוואָלט האָט געדאַוונט אינווייניק, און ווער ניט — איז געשטאַנען אין דרויסן און געשמועסט.

עס איז געווען נאָך אַ מנין אין אַ שטוב אויפן שול-הויף. דאָרטן פלעגן מיר אויך קומען כלומרשט דאַוונען שבת פרי. אָבער אין דער אמת׳ן זיך בייטן צווישן זיך מיט העברעאישע ביכלעך. עס איז געווען אַ מין בירזשע.

איך האָב געלערנט אין ישיבה אַ יאָר צייט — אַ ווינטער מיט אַ זומער. סוף זומער האט די ישיבה אָפּגעברענט און ניט נאָר די ישיבה אַליין, נאָר אויך דריי-פערטל שטאָט. אויף מאָרגן נאָך דער שריפה זענען פיל פון די ישיבה-לייט זיך צעפאָרן אַהיים, יעדערער

אין זיין שטאָט. זיי זענען געשטאַנען לעבן די בעלי־עגלות׳שע בוידן מיט זייערע אָפּגעראַטעוועטע קעסטלעך אין די הענט. צווישן זיי זענען געווען נאָענטע חברים מיינע: דער פינסקער, דער אָשמינער, דער מאזירער און דער ביאַליסטאָקער. איך האָב נאָך זיי אַ סך יאָרן געבענקט און געזוכט זיי איבער דער וועלט.

די ישיבה האָט געהאַט צוועלף „משולחים״ (אַזוי האָט מען זיי טאַקע גערופן) וואָס זענען אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד און אויך איבער אַנדערע לענדער. זיי האָבן אָנגעשפּאַרט ביז סיביר, קאַווקאַז, ענגלאַנד, אַמעריקע און אפילו אַפריקע. זיי האָבן געקליבן געלט אויסצוהאַלטן די ישיבה, אירע פירער און אויך צאָלן „וואָכער״ די ישיבה־לייט.

„וואָכער״ האָט מען געצאָלט אַלע חודש, לויט די סומע געלט, וואָס די שטאָט פון וואַנען דער בחור איז געקומען, האָט אַרייַנגעבראַכט. געוויינטלעך האָט אַ גרויסע שטאָט געגעבן מער ווי אַ קליינע שטאָט, אָבער עס האָט זיך געמאַכט, אַז פון דער גרויסער שטאָט זענען געווען פיר אָדער פינף ישיבה־לייט און פון דער קליינער שטאָט בלויז צוויי און אַמאָל נאָר איינער. האָט דער פון דער קליינער שטאָט באַקומען מער, ווי די פון דער גרויסער שטאָט. דער „וואָכער״ האָט זיך אָנגעהויבן פון אַנדערהאַלבן רובל און אַרויפּ־געשטיגן ביז פיר און פינף רובל אַ חודש. אין אויסנאַם פאַלן, ווען דער בחור איז געווען אַ מתמיד אָדער האָט געהאַט אַן אַנדער זכות, האָט ער געקראָגן אַ גרויסן „וואָכער״, אפילו ווען זיין שטעטל האָט אַרייַנגכעבראַכט ווייניק.

איבער די משולחים איז דער בוכהאַלטער אָדער נאמן פון דער ישיבה, ר׳ העשל אלישברג.



עס האָבן געלערנט ביי אונדז אין ישיבה בחורים פון אַלע עקן רוסלאַנד: ליטוואַקעס, פון די נאָענטע שטעט אַרום; וואַרשעווער, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און פיאות; בחורים פון באַלטישן געגנט, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך דייטשע ביכלעך; אַ סיבירער יינגל — יאָשע, אַ בלייכער, מיט שניי־ווייסע ציין, אין אַ הויכער, גרויער פאפאכע; און אַ קאַווקאַזער בחור, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך צוויי היטלען, ווי עס טראָגן די איינוווינער פון זיין לאַנד: איינע אַ רונדע, רויטע פעסקע מיט אַ מעשענער הענטל און אַ צווייטע — אַ פיר־קאַנטיקע סויבעלנע שטריימל מיט אַראָפּ־ענגענדיקע קוטאסלאך אין אַלע פיר עקן.

די צאָל נעמען פון די שטעט און שטעטלעך איז געווען אין די הונדערטער, און די עלטער פון די ישיבה־לייט — פון פערצן ביז עטלעכע און צוואַנציק יאָר. קיין מוסמכים אויף רבנות זענען ניט געווען, יעדנפאַלס, איך האָב ניט געוווּסט פון אַזעלכע. אָבער אַ סך פון זיי זענען שפּעטער געוואָרן רבנים און פירער ביי יידן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך אַ סך גע־ענדערט אין ישיבה, סיי דער אופן פון לערנען — עס זענען ניט געווען מער קיין טישן, מען האָט געלערנט ביי שטענדערס; סיי דער אופן פון אויפהאַלטן די ישיבה און תמיכה פאַר די בחורים. אָבער איך גיב איבער דעם אויסערלעכן פנים און די פירונגען פון דער ישיבה אין מיין צייט.

# דריי ביבלעאטעקן

ווען איך בין געווען א חדר־ייִנגל פון א יאָר 12—13, האָב איך גענומען ביכלעך צום לייענען אין אונדזער ביבליאָטעק, אדער בעסער געזאגט, ביי אונדזער ביבליאָטעקארין „פריילין פעדער" ווי מען האט זי גערופן מיט א חוזק־שמייכעלע. די „פריילין פעדער" איז געווען א קליינע, שטשופּלע, שווארצע מיידל, וואס האט געוואוינט אין א געדונגענער קאמער מיט איר ברודער, (אויך א קליין־געוויקסיקער און ניט קיין שיינער, ווי זי), אין א שטוב אויפן שול־הויף.

אין דעם צימער, וואו עס זיינען געשטאנען צוויי בעטן, איז אויך געווען א וואנט פארלייגט, אדער פאר־שטעלט, מיט ביכער און ביכלעך, יידישע און לשון־קודשדיקע. די יידישע ביכער זיינען געווען ראמאנען פון שמר און בלאשטיין און זשול ווערנס רייזע באשריי־בונגען. די לשון־קודשדיקע ביכלעך זיינען געווען פון מאפו, קלמן שולמאן, מרדכי אהרן גינצבורג און נאך ביכלעך דינינקע, וואס זי האט איינגעקויפט ביי א דורכ־פארענדיקן מוכר ספרים.

קיין דערוואקסענע בחורים אדער פארהייראטע יונגעלייט האבן אין דער ביבליאטעק ניט אריינגע־שמעקט. עס זיינען געקומען נאך ביכלעך נאר דינסט־מיידלעך, באלמעלאכעשע כלית, וואס האבן זיך געוואלט אויספיינען פאר זייערע חתנים און עלטערע פרויען וואס האבן ניט געקענט לייענען קיין רוסישע ביכער. ווען איך אליין בין עלטער געווארן מיט א פאר יאר, האב איך אויך אויפגעהערט נעמען ביכער אין דער ביבליאטעק און געקוקט מיט גרויסקייט אויף אן ארעמע מיידל, וואס טראגט אונטער דער פאטשיילע א ביכל און דער שפיץ פון א טאוול סטארטשעשע ארויס.

געצאלט האט מען פאר איבערלייענען א ביכל — פאר א דיקן — פינף קאפיקעס און פאר א דינעם מיט צוויי קאפיקעס וויניקער.

איך האב גענומען לשון־קודשדיקע ביכער ווי דעם „הכנסת" פון שפ״ר, דעם „האסיף" פון נחום סאקאלאוו און אלטע, פארוואלגערטע בענדער „השחר" פון פרץ סמאלענסקין, ביי שטאטישע באלעבאטים און איבער־הויפט ביי עטלעכע פון אונדזערע מעלער, וועלכע זיינען געווען משכילים און אויסגעשריבן ביכר פון ווארשע, אדער ביי ישיבה־לייט, וואס זיינען געקומען פון גרוי־סע, פרעמדע שטעט און געבראכט מיט זיך העברעאישע און דייטשע ביכער.

אז עס איז מיר געווארן 19 יאר, בין איך אוועק־געפארן קיין ווארשע זוכן א שטעלע. נאכן אפזיין דארט א האלב יאר און אשטעלע, אדער אויף א סך שטעלעס, אויף וועלכע איך האב זיך ניט געקענט האַלטן, בין איך געקומען צוריק אין דער מ י ר און געפונען דארט א נייע ביבליאטעק אויף מאראנקער גאס. דער ביבליא־טעקאר איז געווען אן אריינגעפארענער פון אן אנדער שטאט, א בלאנדער יונגערמאן מיט כמעט ווייסע האר, מיט תמימותדיקע בלויע אויגן און אן איינגעפאלענעם אויסזען. ער האט געהאט דריי קליינע קינדער, פון פיר ביז אכט יאר און זיין ווייב האט געהאלטן א קליין קרעמל פון גאזע, בייגל, טאראנעס און דזשעגעכץ. א גאנצע וואך איז ער געזעסן אין דערהיים און אויפגע־פאסט אויף זיין ביבליאטעק, נאר מאָנטיק, אין טאג פון מארק, ווען איך פלעג קומען פון דארף אין שטאט אריין, איז ער געשטאנען מיט דער ווייב אין קרעמל און איבערגעלאזן די קינדער אליין. אין שטוב איז גע־ווען זייער אומציכטיק, ווי עס איז געוויינטלעך דארטן, וואו קינדער פון 4 ביז 8 יאר זיינען א גאנצן טאג אן טאטע־מאמע אליין אין הויז.

די טיר פון הויז איז ניט געווען פארשלאסן און מען האט ניט געדארפט אנקלינגען פריער. אז איך בין אריינגעגאנגען אין שטוב, בין איך זייער פארזיכטיק, קוקנדיק אויף פאדלאגע און היטנדיק מיינע טריט, צו־געגאנגען צום טיש, אוועקגעלייגט דעם בוך וואס איך האב געבראכט שוין אן איבערגעלייענטן, צוגעגאנגען הארט צום וואנט וואו די ביכער זיינען געשטאנען און גענומען אן אנדער בוך, וואס איז מיר געפעלן געווארן לויטן נאמען. אנגעשריבן מיין נאמען אויף א שטיקל

פאפיר פאר א סימן אז איך בין דא געווען און געביטן א בוך.

ביכער זיינען אין דער ביבליאטעק געווען א סך און א היבש ביסל פון זיי — גוטע. עס איז דארט געווען גאנץ טאלסטאי, דאסטאיעווסקי און נאך רוסישע קלאסיקער און עטלעכע בענד קריטיק. עס זיינען אויך געווען איבערזעצונגען פון דייטש און פראנצויזיש. איך האב יענעם ווינטער געלייענט און פארלייענט זיך מיט גאנץ טאלסטאי און מיט זיינע פילאזאפישע ווערק.

*

ווי לאנג די ביבליאטעק האט עקזיסטירט אין דער מ י ר, ווייס איך ניט ווייל אינגיכן בין איך אוועקגעפארן קיין אמעריקע. נאך מיין אפזיין דא צוויי און א האלב יאר בין איך צוריקגעקומען אהיים און געפונען א נייע שטאט מיט א נייער ביבליאטעק.

די שטאטישע באפעלקערונג איז פארגרעסערט געווארן. די קליינע יינגלעך און מיידלעך זיינען אונטערגעוואקסן און געווארן לייענער. עס זיינען אויך צוגעקומען ארבעטער און לערנער פון פרעמדע שטעט, וואס האבן זיך באזעצט ביי אונדז. די ביבליאטעק איז שוין געווען אין א באזונדערער דירה, א האלב שטוב אפגעדונגען אין מיטן מארק. א גרויסער צימער צום גאס מיט א שרייב־טיש, מיט א סיסטעמאטישער פירונג לויט די כללים פון בוכהאלטעריע, מיט א „קאמיטעט" פון יונגע בחורים און מיידלעך, וואס האבן פארוואלטעט מיט דער ביבליאטעק. (פאר די צוויי און א האלב יאר וואס איך בין ניט געווען אין דער היים האבן מיינע שטאטלייט זיך אויסגעלערנט צו ריידן און אנרופן זאכן מיט זייער אייראפעאישע נעמען). עס זיינען געווען שטענדיקע אבאנענטן, וואס האבן געצאלט פון חודש. אמת, די סאמע נאענטע אנפירער זיינען אליין געווען א ביסל נאכלעסיק מיט זייערע צאלונגען, אבער דאס „פאלק" האט געצאלט פינקטלעך.

איינמאל האט די ביבליאטעק געשיקט א בריוו צו גארקין אין מאסקווע, וואס האט אין יענער צייט ארויסגעגעבן דעם זשורנאל „זנאניע", אז די ביבליאטעק אין דער מיר נייטיקט זיך אין נייע ביכער. איז אינגיכן אנגעקומען פון אים א גרויסע הילצערנער קאסטן מיט ביכער פון דעם פארלאג.

די שמחה און דער שטאלץ פון די מענטשן ביי דער ביבליאטעק איז געווען אין לשער, וואס אזא באליבטער, גרויסער שרייבער האט זיך חבריש אפגערופן.

אז די לעצטע ביבליאטעק האט עקזיסטירט לאנגע יארן, ווייס איך פון דעם וואס אין פינף און צוואנציק יאר ארום, נאכדעם ווי איך בין אוועקגעפארן פון דער מיר, איז מיר אנגעקומען א בריוו, געשריבן ווי צו אן אלטן לאנדסמאן, פון ביבליאטעק־סעקרעטאר, וועמעס נאמען מיר איז שוין געווען אומבאקאנט, אבער אויך אונטערגעשריבן פון מיין יוגנט־חבר שלמה צינקין. זיי האבן ביי מיר געבעטן ביכער פון דער נייער יידישער ליטעראטור אין אמעריקא. איך האב צוזאמענגעקליבן איבער א הונדערט ביכער פון באקאנטע שרייבער, געפאקט זיי אין קליינער פיר־פונטיקע פעקלעך און זיי ארויסגעשיקט דורך דער פאטשט קיין דער מיר און בין געווען צופרידן וואס איך נעם זיך א שטיקל חלק אין „אונדזער ביבליאטעק".

# אין אונדזער שטאט

## די חזקה

אין אונזערע מקומות איז געווען איינגעפירט חזקה (כאזאקע).

אז א ייד האט געהאלטן א מיל, א פאכט אדער א שענק און דער פריץ האט אים צוליב דעם וואס ער האט ניט געקענט באצאלן די ראטע אדער צוליב דעם וואס דער ייד איז אים געווארן גרויס אין די אויגן, ארויסגעזעצט פון געשעפט, האט זיך קיין אנדער ייד ניט צוגערירט צום מיל אדער פאכט. און דער מיל איז געבליבן שטיין ליידיק סיידן עס האט זיך געפונען א גוי, וואס האט גענומען די ארענדע און גויים זיינען געווען א זעלטנקייט אין די פרנסות.

ניט ווייט פון אונדז, ביי אן אכט אדער ניין וויארסט, אין דעם דארף פראסטשי האט א ייד, יונה אהרן, גע־האלטן א מיל. דער ייד האט דארט געוואוינט פון לאנגע יארן, האט געהאט א גרויס געזינד, אויסגעגעבענע זין און טעכטער מיט שניר און איידעמס אויף קעסט און יינגערע זין, ניט קיין אויסגעגעבענע נאך. האט זיך געמאכט, אז דער פריץ האט דעם יידן ארויסגעזעצט — אים און זיין הויזגעזינד.

דער ייד האט זיך אריבערגעקליבן אין שטאט. די אויסגעגעבענע קינדער האבן געדונגען קרעמלעך און די ניט־אויסגעגעבענע זיינען זיך צעפארן איבער דער וועלט. איינער א יינגל, א ביסל עלטער פון מיר, איז אנגעקומען צו אונדז פאר א מלמד צו די קליינע יינגלעך און מיידלעך פון דארף. מיר זיינען געווא־רן חברים און אין די זומערדי־קע פארנאכטן, ווען דער הימל האט געפלאקערט ביים זון אונטערגאנג, האבן מיר ביידע שפאצירט אויף דער לאנגע גרעבליע און גערעדט וועגן דעם, וואס מיר וועלן זיין, ווען מיר וועלן אויס־וואקסן. מיר האבן אנדערש ניט געוואלט ווי זיין פרא־פעסארן מיט לאנגע פעלערינעס און גרויסע, קליינע קא־פעליושן מיט א גרינעם פאווע־פעדער.

מיר האבן ניט געוואוסט, אז אט די „פראפעסארן" מיט די גרויע קאפעליושלעך זיינען איינפאכע קאמאר־ניקעס, „לאנד־מעסטער".

✶

אויף אן אנדער וועג, א צוויי־דריי וויארסט פון אונדז איז דעם דארף בורזשעוויץ, האט געוואוינט אן אנדער ייד, בערקע. עד האט געהאט א קליינעם שענק און דריי געראטענע זין. דער עלטסטער זון, איטשע, איז געווען א הויכער, שלאנקער, שווארץ־חנעוודיקער בחור, מיט א גלאטן צינגל.

כאטש ער האט קיין גרויסע געשעפטן מיט די פריצים ניט געפירט, געקויפט ביי זיי פון צייט צו צייט א ביסל תבואה, און פארקויפט צו די שטאטישע מעלער, האבן אים די פריצים געקענט און ער איז געווען אן אייגענער אין זייערע הייפן צוליב זיין גוטן פויליש־ריידן.

ווען דער פריץ פעטרושוויץ האט ארויסגעווארפן דעם ייד יונה־אהרן פון מיל האט זיך קיין ייד ניט געוואלט צורירן צו דעם. אבער אין א ביסל צייט ארום האבן מיר זיך דערוואוסט, אז דער פריץ האט אנגע־הויבן צו באטרייבן די מיל אויף זיין אייגענעם חשבון און אלס פארוואלטער האט ער אנגעשטעלט דעם איטשע פון בורזשעוויץ מיט דעם גלאטן פוילישן צונג.

מיר, די שכנים ארום, איבערהויפט די וואס האבן געהאלטן מילן, זיינען געווען אין כעס אויף איטשען. אבער מען האט אים צום רב ניט געקענט נעמען, ווייל ער האט ניט גענומען די מיל אין ארענדע, ער האט נאר געפירט דעם פריצס געשעפט; כאטש מיר האבן אלע גוט פארשטאנען, אז דאס האט איטשע נאר אריינ־געשטעלט א פוס און שפעטער וועט ער שוין איבער־נעמען די מיל אויף זיין אייגענעם נאמען. און כך הוה, אין א פאר יאר ארום האט שוין איטשע געהאלטן די פראסטשיער מיל.

דערווייל האט ער חתונה געהאט, גענומען א שיינע שטאטישע באלעבאטישע מיידל און געהאט מיט איר צוויי יינגלעך. ער האט אנגעהויבן פירן א שיינעם בא־

לעבאטישן שטאט. און כדי מען זאל פארגעסן זיין אמאליקן חטא, האט ער זיך ארויסגעשטעלט נאך פריי־מער און פרייגיביקער ווי אנדערע. וואו מען האט גע־דארפט געבן א נדבה, איז זיינע געווען פון די גרעס־טע. אז מען האט געדארפט ערב פסח כשרן די מיל, האט ער זיך ניט באנוגנט מיט א דיין ווי מיר, נאר ער האט אראפגעבראכט דעם רב אליין און אים געגעבן א היפשע סומע פאר זיין טירחה. און אומעטום איז ער געווען דער ערשטער.

מיט דער צייט האט מען פארגעסן אן זיינע ערשטע יארן אין מיל.

עס איז אים געגאנגען גוט. זיינע צוויי יינגלעך האבן געלערנט אין שטאט ביי א גמרא מלמד און זיין ווייב איז געווען אויף דער צייט מיט נאך א קינד.

*

איינמאל ווינטער, א זונטיק אינדערפרי זיינען גע־קומען צו אונדז מעלער פון שטאט און זיי האבן דער־ציילט, אז נעכטן, שבת בייטאג, האבן זיך חדר־יינגלעך געגליטש אויפן טײַך נאענט פון אן אויסגעהאקטער פא־לאנקע און צוויי יינגלעך, ברידער, זיינען אריינגעפאלן אין דער פאלאנקע און זיך דערטרונקען. דאס זיינען געווען איטשע פראסטשיערס קינדער.

עס איז אונדז אלעמען באפאלן א שרעק. מיר האבן דערזען אין דעם גאטס האנט, א שטראף פאר גיין אויף דעם שכנס ברויט.

די מעוברתדיקע ווייב, אסתר, דערוויסנדיק זיך פון אומגליק, איז ארונטער פון זינען און מען האט זי אריינגעגעבן אין א משוגעים־הויז. און איטשע איז גע־בליבן איינער אליין מיט דעם געפיל, אז גאט האט אים באשטראפט.

ווען די פאליאקן זיינען נאך דעם רוסיש־פוילישן קריג (פון 1919—1921) אריין אין דער מיל, האבן זיי איטשן, צוליב א באשולדיקונג — אן אמתע צי אן אויסגעטראכטע — אויפגעהאנגען אין מיטן מארק.

## צעראבירט א הויז

דאס האט פאסירט ווען איך בין געווען נאך גאר א קליין קינד און אפשר נאך איידער איך בין געבוירן געווארן.

עס איז אויסגעפאלן א טריקעניש אין גרויסע טיילן פון אונדזער לאנד און אויך אין אונדזער געגנט. און די ארימע מענטשן און די בעלי־מלאכות זיינען אויס־געגאנגען פון הונגער. איז געווען איינער אן אנגעזעע־נער ייד, שלמה ראסקאשער, וואס האט געהאט א גרויס הויז און נאך א גרעסערע סטאדאלע אדער שפייכלער הינטערן הויז. ער האט זיך אוועקגעלאזן איבער די פריצישע הייפן און אנגעקויפט ביי זיי צו ביסלעך תבואה און געבראכט אהיים און פארשלאסן אין דער סטאדאליע און עס געהאלטן אויף יקרות. די באלמע־לאכעס און די ארימע האבן אפילו פאר קיין געלט ניט געקענט קריגן קיין ברויט. איז ווען די קליינע קינדער האבן געשריען: „ברויט" און עס איז ניט געווען וואס צו געבן זיי, האבן זיך אלע הונגעריקע צונויפגעקליבן און אויפגעבראכן די טירן פון דעם שפייכלער און אויסגעראבירט די תבואה און דערצו נאך געמאכט א פאגראם אויף דער שטוב און די כלי־בית.

און דער שלמה ראסקאשער איז געווען גראדע א וועלטלעכער מענטש, האט געקענט לערנען, געשיקט זיינע פינף זין אין גימנאזיע און אוניווערסיטעט און געמאכט פון זיי דאקטוירים און אינזשענירן.

## געשלאגן דעם פריסטאוו

און נאך א פאסירונג וואס איז מיר געבליבן אין זכרון.

ביי אונדז אין שטאט איז געווען איינגעפירט א מנהג, אז שמחה־תורה בייטאג האבן די יינגלעך וואס האבן געוואוינט אויפן שול־הויף צונויפגעטראגן דעם סכך פון די צענדליקער סוכות; אוועקגעלייגט עס אויפן מיטן שול־הויף און אונטערגעצונדן. עס איז געווען אן אלטער מנהג און די פּויערן פון שטאט האבן זיך אין דעם נישט געמישט. גראד יענעם יאר האט אין א גרויסער הויז, וואס זיינע פענצטער זיינען ארויס צום שול־הויף, געוואוינט דער פריסטאוו (אסעסאר) פון שטאט. איז, אז ער האט דערזען, אז די קינדער ווילן מאכן א שרפה אין שטאט אדער ער האט זיך דער־שראקן אז דער רויך וועט פארציען זיינע פענצטער, איז ער ארויסגעלאפן פון שטוב און זיך צעשריען אויף די קינדער, זיי זאלן צענעמען די גרויסע קופע סכך אויף איינציקע ביימלעך און צעטרעטן דעם פייער מיט

די פיס. אז די יינגלעך האבן ניט געפאלגט, האט ער זיי גענומען שלאגן.

דעמאלט זיינען צוויי שטאטישע יונגעלייט, וואס זיינען געקומען זען ווי מען ברענט דעם סכך — איינער פון זיי מוני, מאטע ריוועס, א זון פון א שענקער, וואס איז געוואוינט געווען צו נעמען און געבן א קלאפ און דער צווייטער יונגערמאן — הירשל קאזשיי, א שניי־דער, נאר זייער א שטארקער, אט די צוויי יונגלייט האבן געבעטן דעם פריסטאוו ער זאל אויפהערן שלאגן די קינדער און אז ער האט זיך צו זיי ניט צוגעהערט, זיינען זיי אים באפאלן, אראפגעריסן די פאגאנעס און גוט אנגעבראכן די ביינער.

מען האט זיי אויף מארגן ארעסטירט. אבער מען האט זיי ארויסגעלאזן אויף „קויצע" צו ווארטן אויפן סוד. זיי זיינען אנטלאפן ביידע אין א קורצער צייט ארום — איינער קיין זיד־אפריקע און דער צווייטער קיין אמעריקא.

זיי זיינען שוין דארט פארבליבן אויפן גאנצן לעבן.

## געשלאגן א לערער

אין דעם יאר 1906, איז א יידישער יונגערמאן פון אן אנדער שטאט געקומען צו פארן צו זיין א לערער ביי יידישע אונטערגעוואקסענע מיידלעך. אנדערע פון זיי שניידערקעס און נייטערקעס, וועלכע האבן געארבעט ביי שניידער בעלי־בתים.

געוועזן איז ער א פארטיי־מענטש, א פועל־ציון. האט ער מסתמא זיינע תלמידות געוואלט מאכן פאר ציוניסטקעס און רעוואלוציאנערקעס. זיינען אין א זו־מערדיקן שבת פאר מנחה געקומען אויף זיין קווארטיר זיבן באלמעלאכעס, ארבעטער באלעבאטים, ביי וועמען עס האבן געארבעט יונגע מיידלעך און האבן אים גע־שלאגן אין הויז און דערנאך ארויסגעשלעפט אים אין הויף און דארט ווידער געשלאגן. דאס איז געווען אין א שטוב אין מיטן מארק, מיר, די יידישע יונגע ארבעטער און סימפאטיקער, האבן זיך דערוואוסט דערפון און א געפיל פון נקמה אן די שלעגערס האט זיך אויפגעהויבן אין אלעמנס הערצער. קליינע גרופעס בחורים, האבן זיך אנגעהויבן קלייבן אויף די ווינקלען פון די גאסן און שטילערהייט איבערדערציילט דאס געשעענע. און אז עס איז פינצטער געווארן, איז אונדזער מחנה גע־וואן ארום זיבציק־אכציק מאן די גרויס. מיר האבן געוואוסט די נעמען פון אלע שלעגער. זיינען מיר די ערשטע זאך אוועק צו גרשון דעם שניידער אויפן שול־הויף — א שניידער־באלעבאס, וואס האט באשעפטיקט אן אכט מיידלעך. אז מען איז אריין צו אים אין שטיבל האבן מיר פארנומען זיין קיך, דאס פיר־הויז און א היפשע מחנה איז זאך געבליבן אין דרויסן, וואס האט ניט געקענט אריין אינעווייניק. איך בין געווען איינער פון די דרויסן געבליבענע. איך האב זיך בכלל ניט צו שטארק געשטופט אין קריג. איך בין געווען פאררעכנט פאר א סטאטעטשנעם בחור און דערצו האב איך מורא געהאט אז מיינע ברידער און שוועסטער וועלן האבן צער ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אז איך בין געווען איינער פון די ערשטע אין דעם געטומל; אבער מיין פריינט און חבר שלמהקע צינקין, אליין א זון פון א רייכן טאטן און זיידן, און שוין א יתום נאך ביידן, וואס האט געלעבט פון פראצענט, פון דעם געלט וואס זיי האבן אים איבערגעלאזן און פון קארטן־שפיל — א לייגער, א שטשופלער, ער האט אויפגעהויבן זיין קליינעם קולאק אנטקעגן גרויסן גרשונס נאז און ער, גרשון האט זיך דערשראקן זעענדיק די גרויסע מחנה וואס שטייט אויף יענעם זייט שוועל אין פירהויז. ער האט געגעבן זיין ווארט אז מהיום והלאה וועט ער זיך ניט פארטשעפען מיט ארבעטער און אינטעליגענטן.

און אזוי זיינען מיר, די גאנצע מחנה געגאנגען צו די שלעגער־באלעבאטים און גענומען פון זיי א ווארט, אז פון היינט אן און ווייטער וועלן זיי זיין שטילע און ארנטלעכע מענטשן און ניט קיין בויאנעס.

זיי אלע, די באלעבאטים, האבן געהאט אייגענע שיינע הייזער מיט גערטנער. זיינען מיר אריין צו איי־נעם א מענער־שניידער, אויף זשוכאוויצער גאס. איז א טייל האבן פארבראכט מיטן באלעבאס און די וואס האבן ניט געקענט אריין אינעווייניק אין הויז האבן זיך אוועקגעלאזן איבערן גארטן, צוטראטן אלע צייטיק־גע־ווארענע און גערקעס און אויסגעריסן די ארבעס־סטרוט־שקעס.

מען האט אין שטאט גערעדט א לאנגע צייט דער־פון אבער שטילערהייט. מען האט מורא געהאט צו רעדן הויך און מען איז ניט געלאפן צו נאטשאלסטווא פאר־מסרן די רעוואלוציאנערן.

# דער שול־הויף

דער שול־הויף איז געלעגן אויף דער מערב־זייט פון שטאט.

דאס איז געווען א היפשער, ניט־ברוקירטער פיר־קאנטיקער שטח, ארומגעצוימט מיט א זיבן־אכט בתי־מדרשים און אזוי הייזער. די בתי־מדרשים זיי־נען געווען: די אלטע הילצערנע שול, די העכ־סטע יידישע געביידע אין שטאט, פון דרויסן און פון אינעווייניק געצאצקעט און געפוצט מיט אלערליי געמעלכצן, מיט א פינף־גארנדיקן ארון קודש, אנגע־פילט מיט צענדליקער ספרי תורות מיט זילבערנע כתרים, און סאמעטענע מענטלעך, און זילבערנע ציצ'ן און עץ־חיימס און זיידענע און ריפסענע פרוכתן, וואס מען האט יעדע וואך געביטן, 52 מאל א יאר. דער ווייסער געמויערטער בית־מדרש מיט די דיקע ווענט און גרויסע, איינגעהאקטע אלמערס אין די ווענט, פאר־לייגט מיט גמרות און אלטע מפרשים. די אלטע ותיקין שטיבל, וואס איז געווען צוגעבויט צום בית־מדרש און מען איז געגאנגען צו איר מיטן זעלבן פאליש וואס צום בית־מדרש. א בעל־מלאכיש־שולכל מיט אן אפגע־פארבטן אויף גרין גאניקל, וואס סטאליארעס, באלע־באטים פון שולכל האבן אליין אפגעפארבט. א תלמוד־תורה בנין, וואו עס האבן געלערנט ארימע יינגלעך, יתומים, וועמענס זינגען בעתן מעביר זיין די סדרה פרייטיק בייטאג האט פארקלונגען דעם גאנצן שטח פון שול־הויף. עס זיינען געווען צוויי חסידישע שטיבלאך — איינע א לעכעוויטשער און די צווייטע א ליובאווי־טשער. אין דער לעכעוויטשער האבן געדאווענט די ארי־מע חסידים, וואס זיינען געפארן צום קוידענאווער און סלאנימער רבין; אין דער ליובאוויטשער שטיבל האבן געדאווענט די גבירים פון שטאט, אלע חסידים און לומ־דים. (צו וואס פאר א רבין זיי זיינען געפארן האב איך ניט געוואוסט). די איבעריקע איינוואוינער פון שול־הויף און פון די געסלעך ארום זיינען געווען ארימע באלמעלאכעס און מלמדים מכל המינים: פון קיווע קוגעלע (זיין ווייב האט געבאקן קוגעלעך פאר קינדער) א מלמד תינוקות ביז אלי הירשל דעם גמרא מלמד, וואס האט גענומען 25 און 30 רובל א זמן פון א יינגל.

אויפן שול־הויף הינטער דער גרויסער שול זיינען געשטאנען די קייפלאך, און אנדערע פאזשארנע אינ־



סטרומענטן און אז עס האט אויסגעבראכן די גרויסע שרפה, וואס האט זיך אנגעהויבן אויפן שול־הויף, זיינען די ערשטע פארברענט געווארן די לייטערס און די פעסלעך מיט וואס מען פלעגט ברענגען וואסער פון טייך אין א שרפה.

אויפן שול־הויף לעבן דער גרויסער שול איז גע־ווען די יאטקע און דאס בלוט פון די געשאכטענע בהמות און קעלבער האט ארויסגערונען אין דרויסן אויף א נידעריקן פלאץ. עס האט זיך אויסגעמישט מיט דעם וואסער פון אויסגעגאסענע פאמויניצעס און עס האט זיך געמאכט א גרויסע לוזשע וואו חזירים זיינען געלעגן און געוויקעט זיך א גאנצן זומער. דער געשטאנק פון דער לוזשע אין די ווארעמע זומער טעג האט אריינגעדרונגען דורך די אפענע פענצטער אין חדר אריין וואו איך האב געלערנט.

ווען איך בין געווען א קליינער יינגל פון א יאר 8—9 בין איך איינגעשטאנען סטאנציע אויפן שול־הויף. פלעג איך יעדן שבת אינדערפרי זיצן אויפן טיש, וואס איז געשטאנען לעבן פענצטער און ארויסגעקוקט אין דרויסן אויף די רייכע ווייבער, וואס זיינען ארויס־געגאנגען פון בית־מדרש פון דאווענען אין די טייערע פוטערס פון פוקס, און מארדער, מיט די גרויסע אפגע־לייגטע קאלנערס, זיי זיינען געגאנגען פארוויז, אדער זאלבעדריט, פאמעלעך און געמיטלעך גערעדט צווישן זיך. דער סאמעט און געוואנט האט אראפגעשיינט פון זיי און די דימענטן פון די אויערינגלעך האבן שימע־רירט אין דער ליכטיקער ווינטער־זון. די באלעבאסטע פון קווארטיר, אן עלטערע יידענע, האט פאר מיר אנ־גערופען דעם נאמען פון יעדער פרוי באזונדער.

אויפן שול־הויף אין ותיקין שטיבל האט מיינער א קרוב, א הויכער בחור זיך געשלאגן פאר מיר מיט מיינע חברים, חדר־יינגלעך, פאר ניט דורכקומען זיך מיט די גמרות, וואס מיר האבן מיטגעבראכט פון חדר צו לער־נען צוזאמען אין די נעכט פון נאך חמישה עשר באב.

און אין בית־מדרש אין די ווינטערדיקע שבת־פארנאכטן, ווען מיין מאמע איז געשטארבן און איך האט געדארפט זאגן קדיש, האבן מיר ארומגעשטויסן די שטאטישע באד־יינגלעך צווישן דער בימה און דער טיר און איך בין געשטאנען א פארלארענער און א דערשראקענער, ווי איינער וואס איז אריינגעפאלן צום שונא אין פלען און ניט געוואוסט ווי צו אנטלויפן.

ווען איך האב שוין געלערנט אין ישיבה, בין איך יעדן שבת אינדערפרי געקומען דאווענען אין א מנין אויפן שול־הויף. געקומען בין איך כלומרשט דאווענען, אבער אינדעראמתן האב איך זיך דארט געטראפן מיט נאך אזעלכע ישיבה־בחורימלעך ווי איך אליין און מיר האבן זיך דארט געביטן מיט לשון־קודשדיקע ביכלעך צום לייענען.

ווען איך האב אויפגעהערט גיין אין ישיבה, אויך לעבן שול־הויף, האב איך געלערנט אין בית מדרש און אין דער עלמערל פון שטענדער האב איך אריינגעטאן מיין קאפ און דארט געשריבן מיינע לשון־קודשדיקע שירים.

אין א געסעלע, וואס איז אריינגעפאלן אין שול־הויף האט געוואוינט די ערשטע שטאטישע מיידל אין וועמען איך האב זיך פארליבט. מיר זיינען ביידע געווען ארום 16—17 יאר אלט. איר טאטע־מאמע זיינען געווען זייער פרומע, עלטערע מענטשן. איז אלע שבת אינדערפרי, בעת אירע עלטערן זיינען געווען אין שול ביים דאווענען, בין איך מיט מיין חבר, דעם ביאליסטאקער ישיבה־יינגל, וואס איז איינגעשטאנען ביי זיי אריינגעגאנגען צו אים אין צימער און זי, דאס מיידל, האט אונדז געבראכט ציקאריע מיט באבקע. און דעמאלט טאקע האב איך זיך אין איר פארליבט.

ווען איך בין געקומען פון אמעריקע און געמיינט, אז איך בין אן אנירכיסט, בין איך איינמאל געקומען צו א פארזאמלונג אין א שטוב אויפן שול־הויף און דארט אויסגעלייגט מיין שיטה, אבער די פירערשאפט פון שטאטישן בונד איז געווען סאציאל־דעמאקראטיש און מיר האבן זיך געקריגט.

אין מיין יוגנט פון זיבן ביז זיבעצן בין איך געווען פארבונדן מיטן שול־הויף. איך האב זיך פארקנסט מיטן שול־הויף צו זיבן יאר, ווען מיין טאטע האט מיר געבראכט אין חדר צו יאשע דעם פערעמאלניק.

מיינע אלע מלמדים האבן געוואוינט אדער געהאלטן זייערע חדרים אויפן שול־הויף און כמעט אלע מיינע סטאנציעס זיינען געווען אויפן שול־הויף.

אין דעם געסעלע ביים שול־הויף האבן געוואוינט איינער פון די צוויי שוחטים פון שטאט: צוויי בעקערס — אונדזערע מעלער; איין גרויפן־מאכער, א באקאלעי־קרעמער, מרדכי־אהרן, א משכיל, וואס האט געלערנט דעם מורה־נבוכים און זיסל, דער שווערונער, אויך א מעלער, וואס האט באוואוינט א קליין דירהלע, וואו עס איז געשטאנען א קליין ספרים־אלמערל. ער האט אבער געהאט אלע נייסטע ביכער, וואס ער האט אויסגעשריבן פון ווארשע פון דעם „אחיאסף" פארלאג. איך פלעג צו אים אפט אריינקומען לייען א בוך אדער צוויי. דאס גאנצע געסל איז געווען פון אייגענע מענטשן.

אזוי איז מיין גאנצע יוגנט פון 7 ביז 17 פארגאנגען אויף שול־הויף.

מ. י. חיימאוויטש *).

# אין געבורטס־שטעדטל

איינמאל אין א טאג איז חיים [1] ארויסגעגאנגען אין די גאסן פון שטעטל געוואהר ווערען די אלטע ערטער, וואו די טעג און יאהרען פון דער קינדהייט און יוגענד זיינען פארלאפען. עס האט זיך איהם געוואלט איבער־לעבען און איבערפיהלען אט די אלע יוגענדליכע גע־פיהלען און אין געדאנק; נאך אמאל פון לאנגאניגען קבר; ארויסרופען דעם פערשטארבענעם פון דער גליקליכער קינדהייט און יוגענד.

דער טאג איז געווען א הייסער — א תמוז טאג. די זון איז געשטאנען אין רעכטען מיטען פון דעם פער־שטויבטען הימעל, און האט אהן רחמנות דער ערד ווי וואקס געשמאלצען.

די קליינע שטיבלאך פון די גאסען האבען זיך אין זונען־ליכט געבאדען; און זיינען ווי פערשלאפען אויף גאט׳ס בעראטה געשטאנען. די פארהאנגען פון אלע פענסטער זיינען געווען אראפגעלאזען און אין גאס איז געווען שטיל. וואו ניט וואו איז אימעצער די גאס איבערגעגאנגען; שלעפענדיג דעם קורצען שאטען נאך זיך, און איז באלד פערשוואונדען.

חיים האט ליעב געהאט אזעלכע זומער־טעג, וואו אלץ ליגט רוהיג ווי אונטער אן אנגעגליהטען שטויב, און וואו אלץ שמעקט מיט הייסער פערגליווערטקייט און פוילקייט, און אלץ איז עפעס אזוי רוהיג און מיעד פערדרעמעלט, אז עס הערט זיך דאס שטענדיג איינ־טאניגער זשומען פון פליגען און ביהנען.

ער איז פארבייגעגאנגען דעם פלאץ וואו זייער אמאליגע הויז איז געשטאנען, און אויף וועלכען עס איז איצטער גאר אן אנדער הויז געשטאנען, א פיעל שעהנערע. דאס הארץ האט איהם פערקלעמט. א ווייכער פאנאנדערגעשוואומענער געפיהל האט איהם אין גאנ־צען בעהערשט, און ער האט געפיהלט גלייך ווי ער וואלט זיך פארטראגן אין דער טיעפער ווייטקייט פון דעם לאנג פערגעסענעם עבר, און איהם איז געווארן אויפן הארצען קאלעמוטנע און אומעדיג:

די קינדהייט און יוגענד האבען ווי א פישל קעגען דער זון פון׳ם מוטנעם וואסער זיך א שפיעל געטהון און צוריק אין וואסער געזונקען.

וואס איז פון זייער הויז געווארן?

די לעצטע, די מוטער איז אויך געשטארבען, און ער איז דער איינציגער צווייג פון דער פאמיליע, — וועט דער צווייג ווי־עדער אין א בוים פערוואנדעלט ווערען?...

ער איז ווייטער געגאנגען.

ער איז פארביי געגאנגען די ישיבה, וואו פון די אפענע פענסטער האט ווי א לויפענדער וואסער גע־שטרוימט, דער איהם גוט בעקאנטער גמרא ניגון.

ער איז אריין אינעווייניג אין ישיבה.

אלץ אין דער ישיבה האט פאר איהם פרעמד אויס־געזעהן. קיין איין בעקאנטער פנים האט זיך איהם אין אויג ניט געווארפען. אלע זיינען איהם פרעמד, און אלע קוקען אויף איהם מיט עפעס א מאדנע נייגעריגקייט און ניט זיכערקייט, גלייך ווי זייערע ניט־זיכערע בלי־קען וואלטען פרעגען:

— ווער איז ער? וואס וויל ער דא?...

---

*) געבוירן אין דער מיר 1881 ביי ארעמע עלטערן געלערנט אין חדר און תלמוד תורה און דערנאך אין דער ארטיקער ישיבה. 1902 אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע. געדרוקט דער־ציילונגען און קריטישע ארטיקלען און פארשיידענע צייט־שריפטן. 1911 ארויסגעגעבן אין בוכפארם: „צווייי ערצעה־לונגען" („דאס געבורטסשטעדטעל" און „אין גרויען ליכט"). 1914 פארעפנטלעכט א ראמאן „אויפן וועג" וועגן דעם לעבן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין אמעריקע. שפעטער פארעפנטלעכט „ארום דעם מאן פון נצרת" — א קולטור־היסטאריש בילד פון דער צייט פון ישו הנוצרי. געשטארבן 1960 אין ניו־יארק.

ז. רייזען לעקסיקאן פון דער יידישער ליטעראטור, פרעסע און פילאלאגיע. ב. ווילנע 1928.

1) א סטודענט וואס קומט נאך א לענגערע אפוועזנהייט אין זיין היים־שטעטל אויף פערייען.

אלץ האט זיך געענדערט: די טישען; די לאמפען; דער פרוכת און אפילו די פארהאנגען פון די פענסטער. אויבען־אן ביים עמוד זיצט גאר אן אנדער ראש ישיבה, דאכט זיך א בייזערער. יענער, דער פערשטארבענער איז אזא פריינדליכער געוועזען; און האט שטענדיג גוטמוטהיג געשמייכעלט...

דער משגיח דער מנהל — וואו זיינען זיי?... אויפ׳ן זינען איז איהם ארויף די לעגענדע פון חוני המעגל, און גלייך ווי אימיצער וואלט איהם אין אויער אריינגערוימט:

— צושטארבען, צושטארבען...

און דארטען, אין יענעם טיש, בין איך אמאל געזעסען...

— אן אנדער וועלט, אן אנדער וועלט...

נאר ניט געענדערט האט זיך דער גמרא ניגון, און גלייך ווי אמאל איז דער זינגענדיגער טומעל, פון פערשיידענע העלזער, איבער׳ן הויז געהאנגען און האט מיט ווייכען אומעט און יוגענד־פער׳חלום׳טקייט געקלונגען, און האט אזוי ווי לעגענדען פון פרעמדע לופט און ווייטע וועלטען אין זילבערנע פאנטאזיען פערוואנדעלט, — פאנטאזיען, וואס שוועבען איבער׳ן לעבען, וואס האבען גאר מיט׳ן לעבען ניט צו טהון.

ער האט געפיהלט אז דער ניגון נעהמט אלע זיינע ביינער דורך. א קאלטער שוידער האט וויברירט דורך זיין גאנצען קערפער. עס האט זיך איהם פארוואלט זיין אייגענע שטימע, זינגענדיג דעם גמרא ניגון, צו הערען.

פון דער ישיבה איז ער אוועק אויפ׳ן שול־הויף. דורכגעגאנגען דעם ליידיגען מארק־פלאץ, אויף וועלכען עס זיינען, פאר עטליכע קאשיקעס מיט געבעקס און גרינס, אראפגעלאזען די קעפ, די סעדיכעס געזעסען, מיט געדולד די אויגען אויסקוקענדיג אויף אן ארימען קונה, וואס וועט פערלאנגען פאר א קאפיקע יאגדעס אדער ציבעלע.

פון די נידעריגע קראמען האבען פערשלאפען ארויסגעקוקט די קרעמער, שטעהנדיג אנגעשפארט אן די אושאקעס. עטליכע פויערשע אויסגעשפאנטע פוהרען, מיט די האלאבלעס צו דער הויך פערריסען, זיינען אין מיטען מארק געשטאנען. די קליינע דארע פערדלאך האבען פויל און רוהיג געקייט די שטרוי פון די קאשיקעס, אדער האבען מיט די ווייכע גלאטע ליפען געקליבען די פערשאטענע האבער־קערנער און האבען נאכאנאנד געקייט און געשמיסען מיט די עקען אויף רעכטס און לינקס, און מיט כעס די קעפ אן א זייט צום האלז אדער צו די פאדערשטע פיס, געגרייכט.

געהענדיג איבער׳ן ליידיגען פיער־עקיגען מארק־פלאץ האט זיך איהם געטראכט, אז דער מארק איז נור א פלאץ וואו די פייערדיגע שטראהלען פון דער זון נעהמען זיך אויף אין איין ארט און באקען און ברענען גאר אהן רחמנות. און ער האט אין געדאנק פערגליכען דעם מארק־פלאץ צו א בראנד־גלאז, וואס האט די מעלה צוזאמען נעהמען די שטראהלען פון דער זון אויף איין פונקט און מאכען זיי שארפער און ברענענדיגער.

די זון האט געברענט. די היץ איז געוועזען אן אונבעשרייבליכע און אהן א ווינטעל. איהם איז געווען הייס. אבער אין דער מינוט האט ער געפיהלט אין זיך א ווידערשטאנד קעגען דער היטץ, וואס דאס פלעגט נאך מיט איהם, ווער ער איז א קינד געוועזען, טרעפען, אז ער פלעגט זיך פער׳עקשנ׳ען און געהן דוקא וואו די זון איז. און עס איז איהם איצטער אנגענעהם געוועזען דעם עקשנות׳דיגען ווידער־שטאנד און זיך צו פיהלען.

ער האט זיך דערמאנט, ווי אינגלווייז, ווען ער פלעגט אמאל געהן אויף די זוניגע פלעצער, פלעגט ער פערזשמורען די אויגען און ארויף ציהען די באקען־ביינער אין דער הויך. און ניט פיהלענדיג האט זיך איהם איצטער אויך אונבעוואוסטזיניג די אויגען אויפגעזשמורעט, און די באקען־ביינער האבען זיך אין דער הויך אויפגעהויבען.

ער איז אוועק אויפ׳ן בית עולם, האט אפגעזוכט דעם פאטער׳ס קבר, איז געשטאנען אביסעל פאר דער קליינער מצבה, און האט אונבעוואוסטזיניג איבער געלייענט דעם נוסח עטליכע מאל, און ער האט זיך דערמאנט אן דעם טאג וואס ער איז געשטארבען: עס איז געווען א כמארנער אסיען־טאג. און דערביי האט ער אויפ׳ן קול איבערגעלייענט די לעצטע שורה: נפטר יום ג׳ י״ד חשון שנת תר״ן. ת.נ.צ.ב.ה.

נאכדעם איז זיין קוק געפאלען אויף דער צייכנונג, פון אויבען איבער׳ן נוסח, וואס האט פארגעשטעלט א פאר דארע הענד אין דער לאגע ווען מען דוכענט.

ער האט זיך דערמאנט אז ער איז א כהן, און איהם איז עס אבער אין דער מינוט געווען שווער צו פערשטעהן, וואס איז אזוינס א כהן?

אזוי איז ער געשטאנען א היבשע ווײלע, דערנאך איז ער אוועק אבזוכען דעם קברות מאן, אז ער זאל איהם ווייזען דעם מוטער׳ס קבר.

דער קברות־מאן האט איהם אנגעוויזען דעם קבר.

דער קבר איז נאך געווען פריש. א היבשע קופע ליימינער, צוטריקענטער ערד האט זיך איבער׳ן קבר אויפגעהויבן. קיין מצבה איז נאך ניט געוועזען.

ער איז א היבשע ווײלע פאר׳ן קבר געשטאנען, און ער האט איינגעשפארט געקוקט אויף דעם ליימינען בערגיל. ער האט פון גארנישט באשטימטעס געטראכט. ער האט נור געפיהלט, ווי אין הארצען נאגט איהם וואס, און עס פערדריעסט איהם אויף עפעס, — אויף וואס האט ער אליין ניט געוואוסט.

אין איין עק בית עולם ליגט זיין פאטער, אין דעם צווייטען עק זיין מוטער. — פאר וואס איז דאס אזוי ?...

פלוצלונג האט איהם עפעס א שוידער געטהון, און ער האט זיך א טרייסעל געטהון. ער איז מיט גיכע טריט אוועק פון קבר, איז אריין אין סאד, וואס איז אין מיטען בית עולם געשטאנען.

פאמעלאך האבען זיך באוועגט די צווייגען פון די בוימער, עס האט דורך זיי א לייכטער ווינטעל געשפאצירט. די זון האט דורכגעבראכען און אריינגעקוקט דורך די געדיכטע געפלאכטענע צווייגען און האט אויסגעלייגט אויפ׳ן גרינעם גראז ארום די בוימער געפלאכטענע גאלדענע קווייטען.

שטילער, רוהיגער צוויטשערן פון פייגעלעך. גאלדענע ליכט און שאטען.

ער איז געגאנגען צווישן די בוימער, האט אונבעוואוסט געבראכען דינע יונגע צווייגלעך און האט פאר זיך אין דער שטיל אונטערגעפייפט. עס האט זיך איהם געפיהלט אז ער געהט אויף א בית־עולם. פון צווישען די בוימר האבען די שמאלע מצבות־טאפלען, געדיכט איינע אויף די אנדערע אנגעזעצט, ארויסגעקוקט, און זיי האבען איהם דערמאנט אז דא ליעגען בעגראבען די יעניגע, וואס האבען איהם לעבען געגעבען.

טיעפער שווייגען ארום. אלץ דערצעהלט עפעס פון אייביגען שלום און שטילשטאנד. מיט וואס פאר א ווייכקייט און רוהיגקייט גליטש זיך דער ווינד איבער די בוימער. מיט וואס פאר א שלעפעריגקייט עס אטעמט די הייסע לופט.

וויפיעל מאל האבען שוין דא זיינע פיס געטראטען, וויפיעל מאל האט ער דא שוין געזעהן, ווי מענשען איהם ליעבע און טייערע, ווערען ארונטער געלאזען אין די שמאלע טיעפע גריבער. —

און די בוימער שטעהן מיט דער זעלביגער רוהיגקייט און גלייכגילטיגקייט, ניט עלטער און ניט שוואכער ; און רוהיג ווי אמאל פליעסט איבער זיי דער אטעם פון צייט און ווינד.

די זון האט אלץ מעהר גענידערט צו מערב, און די שאטענס האבען זיך לענגער געצומען אויסציהען.

ער האט מיט אמאהל דערפיהלט א שארפע און נאגענדע בענקשאפט. עס האט איהם פארשמעקט מיט דער לופט ווייטער פערגאנגענהייט ; און יעדער נערוו, יעדע גליעד, האט געפיהלט און געלעבט מיט דער לופט און פיעבער פון דער זארגלאזער יוגענד : יעדע פלעק, יעדער בוים, און יעדער שניי־ווייס שטיקעל וואלקען האט צו איהם גערעדט, געווינקט און געשמייכעלט ווי צו א גוט בעקאנטען און איהם דערמאנט :

אמאל ביזטו יונג און פריש געוועזען, און האסט דיין לוסט מיט אונז געטיילט. **איצטער ביזטו ערנסט, דיין** שטערען איז צוקנייטשט, דיינע אויגען גלאנצען מעהר ניט. — קוק אויף אונז !...

שטילער און ווייכער טרויער האט זיך אין זיין הארצען געשפינט, און ער האט דערפיהלט ווי די פארנאכט שאטענס פערכאפען איהם.

ס׳האבען זיך אויף די שפיטצען בוימער די זונען שטראהלען געשפיעלט — דער טאג האט געבלייכט.

**ג. טשארני *)**

# די אפגעברענטע שול

(„דער יוד", 1901. קראקוי 26—27 יוני, תמוז תרס"א)

די שוהל איז געווען צווישן די אלע יידישע הילצערנע אלטע שוהלן, איין אויסנאם מיט איר אַלטקייט און רייכקייט. פון דרויסן האָט זי אויסגעזען ווי די אַלטמאָדישע הילצערנע שוהלן, וואָס אייניגע זענען נאָך פערבליבן ביז היינט אין אנדערע קליינע שטעטלעך: אַ הויך פירקאַנטיק געבוי מיט גרויסע געשניצטע פענסטער, אַרומגעבויט פון מעריב־וואַנט מיט צוויי קליינע שטיבלעך צוזאַמענגעהעפט מיט די פּאָלעס און מיט צוויי לאַנגע נידריקע גאַלעריעס פוןביידע זייטן פאַר די ווייבער; איבער די פענסטער גיהט אַ ברייטער געשניצטער קאַרניז, אויף וועלכן עס הויבט זיך אויף אַ הויכער דאַך פון שינדלען.

זי איז געשטאַנען הויך, פריי, און האָט מיט איר אַלטקייט, ווי עפּעס איין אַלטער שטאָלצער זקן, שוין אפשר וויפל הונדערט יאָר געקוקט אויף דאָס גאַנצע שטעטל. שיין איז זי אָבער געווען אינווייניק. עס איז געווען צו בעוווּנדערן איר רייכע שניצונג פון דעם הויכן קונציגן ארון־קודש, פון דער הויכער בימה און פון דער אינווייניקסטער גרויסער געשניצטער טיר. נאָר איבערהויפּט איז די שוהל געווען אינטערעסאַנט מיט איר מאָלעריי, מיט אירע היסטאָרישע בילדער, מיט די פיל פאַנטאַסטישע חיות און מיט די פערדרייטע און קונציקע בלומען. די חיות זענען געווען כמעט אַלע אין לעבנס גרויס; דאָ האָבן זיך געפונען וועלף, פוקסן, פויגלען און אפילו אַ העלפאַנט כמעט אין זיין אמתער גרויס, און אויך ניט ווייניק חיות פון פאַנטאַזיע ווי די אחשתרנים בני הרמכים מיט 8 פיס, דער לויתן, דער שור־הבר, דער ברענענדיקער שלאַנג, א.א.וו.

ווער דער מאלער איז געווען, האָט קיינער ניט געוווּסט, עס איז אפילו ערגעץ ווו אויף דער מזרח־וואַנט געווען אויפגעשריבן זיין נאָמען, נאָר מען האָט ניט געקענט איבערלייענען. מען האָט נאָר דערציילט, דאָס דער קינסטלער איז געווען נאָך אַ יונגער מענטש און האָט שוין אַזעלכע דריי שוהלן אויסגעמאָלט, נאָר כדי ער זאָל ניט מאָלן נאָך אַזעלכע שולן, איז ער עפּעס דורך אַן אומגליק פלוצלונג געשטאָרבן. — די ארנא־מענטן און בלומען זענען געווען ווילד, אָבער דאָך אויסגעהאַלטן אין אַ געוויסער מאנער, זיי זענען געווען מיט געשמאַק און אין יידישן זין. די לעבעדיקע צייכנונגען זענען שיין געווען, קינדיש נאַיוו, אַזוי ווי אין די ליניעס, אַזוי אויך אין די פאַרבן. גענוג איז

---

*) טשארני ג. (1875—1910 אדער 1911), געבוירן אין דער מיר, דעמלט מינסקער גובערניע, ווייס־רוסלאנד, אין אַן אינטע־ליגענטער, ארימער פאמיליע. זיינע עלטערן זענען געווען הירש־צבי און שולקע טשאַרני. נאך ייִנגלווייז אַרויסגעוויזן פעיקייטן צו מאלן און מיט דער שטיצע פון פירשט סװיאטאפאלק־מירסקי (דער באזיצער פון שטעטל מיר, נאך פלעווע טויט — מיניסטער פאר אינערלעכע ענינים), אוועק קיין ווילנע זיך לערנען צייכענען. שפעטער שטודירט אין ווין און מינכעןביים בארופטן דייטשן מאלער פראנץ שטוק. געענדיקט דאס שטודיום, געקומען קיין װארשע, װו זיך אנגעהויבן אפצוגעבן מיט קינסטלערישע ארבעט אלס אילוסטראטאר, דערהויפט פון העברעישע לערנביכער.

גלייכצייטיק אויך געשריבן דערציילונגען אין „יוד", „טאג", אונטער דער רעדאקציע פון לעאן ראבינאוויטש, א.אנד. ארויס־געגעבן אַ דריי אקטיקע קאמעדיע „נאכן שטרייק" („פערלאגס־ביורא", װארשע 1907), אַ זאמלונג פון זיינע דערציילונגען איז איין באנד איז שוין נאך זיין טויט (אין בערלין, נאך צוויי יאר שװערער קרענק) אַרויס אין פארלאג „ביכער פאר אלע", מיט אַ פארווארט פון די ארויסגעבער און יאר 1914.

זלמן רייזין: לעקסיקאן פון דער יידישער ליטעראטור, פרעסע און פילאלאגיע. ערשטער באנד (א—י). דריטע, פארבע־סערטע אויסגאבע, ווילנע 1928.

געווען צו בעטראַכטן חאָטש איין בילד, מען זאָל דערקענען אין די אַרבעט דעם ווילדן ריינעם יידישן „מושלם״, וועלכער האָט די מאָלעריי־קונסט ניט געלערנט און האָט אפשר ניט געוווּסט, אַז מען קען די קונסט ווו שטודירן, נאָר דאָך ניט קוקנדיק אויף די נאַיווקייט פון די פעלערן אין די בילדער איז געווען צו בעוווּנדערן די דרייסטיקע פאַנטאַזיע און די ווילדע זיכערקייט, און מיט וואָס פאַר אַ ליבע יענער האָט געמאָלט די מענשן און די חיות.

זעלטן נאַיוו אין דער אויספירונג איז געווען דאָס לאַנגע ווענטל פון דער אייבערשטער גאַלעריי, וואָס איז געהאַנגען איבער דעם אַריינגאַנג; דאָרטן אין דערהויך איבערן קאַרניז איז געווען אויסגעמאָלט אַלערליי כלי־זמר, מסתמא פון בית־המקדש, און אונטן איז געווען אויסגעמאָלט, ווי מען פירט „בכּורים״ קיין ירושלים אויף אַ גרויסן וואָגן, אויף וועלכן עס שטייט אַ פאַנטאַסטישער קאָרב מיט אַלערליי פרוכטן. דער וואָגן איז אַיינגעשפּאַנט אין צוויי אָקסן (איינער איז פאַרוואָס עפּעס געווען אַ בלויער) מיט פערגאָלדעטע גרויסע הערנער, אין וועלכע עס האָט זיך געדרעהט אַ גרינער קראַנץ פון בלעטער און בלומען, קיין מענטשן איז דערביי ניט געווען. איבערהויפּט איז געווען צו בעמערקן, דאָס מענטשן איז דעם קינסטלער שווער געווען צו מאַכן. און ווען זיי פלעגן יאָ ביי אים מוזן פאָרקומען — זענען זיי אַלע געווען, ווי ביי די אַמאָליקע מצריים, אין פּראָפיל. נאָך די „בכורים״ האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע שורה בילדער, ביז צום סוף ווענטל, ווו עס איז געווען אַ בילד אויף דעם פסוק פון ישעיה הנביא׳ס געטליכע ווערטער: „וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ״.

נאָך נאַיווער זענען געווען אייניגע היסטאָרישע בילדער, ווי צ.ב.ש., דאָס בילד, ווי מען וואַרפט אַריין אין ים יונה הנביא. דאָס בילד האָט פערנומען ניט קיין קליינעם פּלאַץ אויף דער צפון־וואַנט, איבער די פענסטער, ווו עס הויבט זיך אָן קיילעכדיג דער סופיט. אויף דעם בילד איז פאָרגעשטעלט ניט קיין גרויסע שיף, נעבן שיף רוקט זיך אַרויס פון רוהיגן וואַסער אַ גרויסער קאָפּ, פון עפּעס אַ אומבעקאַנטן פיש; דער פיש האַלט אָפן דעם מויל, אין וועלכן עס ליגט אויף דער צונג אופגעדרעהט עפּעס אַ שוואַרץ מענטשעלע (יונה הנביא); פון קאָפּ גיסט דער פיש בשעת־מעשה

א גאַנצן פאָנטאַן וואַסער גלייך אין דער שיף אַריין, און ווען ניט אייניגע מענשן (אָנגעטון אין פראַקן), וועלכע האַלטן אונטערגעשטעלט כלים און נעמען צו דאָס וואַסער, וואָלט דער פיש געוויס דערטרונקען מיט זיין פאָנטאַן די שיף (אייגנטלעך איז דאָס ניט קלאָר, צו דאָס דווקא האָט געמיינט דער קינסטלער). פון דער אַנדער זייט שיף שווימען נימפען — האַלבע מענטשן און האַלבע פיש, פון שיף וואַרפן זיי אַ פּאָר מענטשן, פאַר וואָס עפּעס רויטע קייקעלאך, וועלכע די נימפען כאַפּן זיי...

אָט אין דעם נאַיוון גייסט זענען געווען אַלטע היסטאָרישע בילדער: די עקדה, מתן־תורה, אהרן הכהן׳ס טויט און נאָך אייניגע. פון פיל בילדער האָט מען ניט גוט געקענט פאַרשטיין, וואָס דער מייסטער האָט אייגנטלעך געמיינט מיט זיי, ווי צ.ב.ש., דער גרויסער טורם, וועלכער איז בעשטאַנען פון דעכלעך אָן אַ שיעור, פון פענסטער אָן אַ צאָל, און אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אָנגעשריבן פון אויבן: „די שטאָדט גמריזא״ און דערביי איז געשטאַנען 20 שורות ווערטער אין פאָרעם פון אַשור, וועלכע ס׳איז געווען שווער צו לייענען פון אונטן. אפשר האָט דער מייסטער געוואָלט דאָ פאָרשטעלן אַ היסטאָרישן פאַקט, נאָר אויף דעם טורם האָט זיך דאָס ניט געזען.

די שניצונגען זענען שוין געווען בעסער, עס האָט זיך געזען אין זיי אַ שטרענגע שולע מיט אַ געזונטן גוסט.

אין גאַנצן האָט די שוהל געמאַכט אַ זעלטענעם איינדרוק. אויף מיר פלעגט זי שטענדיק אָנוועהען עפּעס אידעלע פּאָעטישע געפילן.

הונדערטער אויגן פון די אַלע חיות האָבן געקוקט אויף מיר ניט מיט זייער נאַטירלעכן אויסדרוק, נאָר מיט יענעם מאָדנעם אויסדרוק, וואָס דער מאָלער האָט זיי, אפשר ניט ווילנדיק, צוגעגעבן און וועלכער האָט אויסגעדריקט אַ זעלטענע איראָניע, ווי זיי וואָלטן עפּעס געזאָגט דאָס זיי שטעהן העכער ווי מיר מענשן... די פיל שרייענדע פאַרבן האָבן געפרעהט דאָס אויג, די ווענט האָבן ווי געאָטעמט מיט אַלטקייט, מיט הרחבת הדעת און אָנפילנדיק די לופט מיט עפּעס אַ אונפאַרשטענדלעכער הייליקער רוהיגקייט — האָבן זיי דערציילט פון אונזערע גליקליכע עלטער־זיידעס,

וועלכע האָבן געהאַט אַזוי פיל פרייהייט, אַזוי פיל ליבע און אַזוי פיל אידעלן געשמאַק זיי זאָלן אַזוי פיל ציהרן די שול, ווי זיי האָבן זי אונז איבערגעלאָזן. זי האָט געדאַרפט זיין ביי זיי ווי עפּעס אַ ליבלינגס־קינד...

געפינענדיק זיך אין שוהל, פלעג איך שטענדיק ניט וויסן, פון וואָס צו בעוואונדערן, צו דעם ווילדן יידישן טאַלענט אָדער יענע אַלטע צייט, ווען עס האָט זיך געפונען אַ גאַנצע קהלה, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אַזוי פיל מיט שיינקייט און געלאָזט אפילו קעגן דעם אָנגענומענעם אַזוי אויסמאָלן די שוהל... איינציגע דורות קענטיק האָבן זי נאָך אַלץ געצירט און געפּוצט. ווייל פון דער אויבערשטער פאַרב האָט זיך אויך געזען געמאָלט.

צו האָבן דאָס געוווסט צושעצן די ווייטערדיקע דורות פון שטעדטל?

מאניע רובאשאוו־איסקאלסקי

# מיר — סוף נײַנצעטן יאָרהונדערט

## א בינטל זכרונות

די ערשטע לערערקע פאר מיידלעך — פון פינף יאר אנגעהויבן — איז געווען סטירע די רביצין (ארום 1887), א שיינע, אַ הויכע. געפירט ביי זיך אין שטוב א חדר פאר מיידלעך. דער מאַן יעקב משה, א בערשט־לער. די רביצין פלעגט שיקן אהיים א דערוואקסן מיידל (א קרובה) ברענגען אויף די הענט דאס קינד אין חדר. געלערנט דא דאוונען, לייענען און שרייבן. ביי פינף יאר האב איך שוין געקענט קאפיטלעך תהלים אויף אויסנווייניג. פאר זאגן א קאפיטל תהלים אויף אויסנווייניק פלעגט מיר דער פעטער, צבי הירש רו־באשאוו, א ברודער פון טאטן, פון דובראוונע, געבן א קאנפעטקע.

לייענען און שרייבן רוסיש, ווי אויך יידיש, האט געלערנט צו דער צייט ז ל מ ן דער שרייבער. א שטאָט־לערער. געהאט א קלאַס מיט „לאוקיס", בענק, ווי אין אן אמתער שול. געווען א גאלדענער ייד. ער פלעגט אליין קויפן פאפיר, צעשניידן עס, צונויפנייען די קאר־טלעך אין אן העפט. אויסלינירן אים און געבן עס די שילער. ער האט אויך געלערנט ציפרעס (חשבון). ער פלעגט אויך קומען אהיים צו א רייכערן באלעבאס צו לערנען זיינע קינדער, מיידלעך (למשל צו מארגאלין, א שניט־סוחר). צו זיי פלעגן צוקומען נאך א פּאָר מיידעלעך, קרובים, צי נאענטע חברטעס (איך און שרהקע גראיעווסקי).

נאך סטירען איז געווען א רביצין מלכה. די דאזיקע לערערקע, א נידעריקע, איידעלע, געהאט א אויסזען, ווי א מאדאָנע. די קינדער האבן זי זייער ליב געהאט. זי האט געלערנט פון א סידור דאווענען און תהלים. מלכה האט געלערנט שרייבן יידיש.

רוסיש האבן אויך געלערנט אנדערע, די לערער פון דער רוסישער פאלקסשול. געווען אין מיר א פיר־קלאסיקע פאלקסשול פאר מיידלעך. אבער יידישע קינ־דער זענען אהין ווייניק געגאנגען.

שפעטער געקומען א לערער רעזניק, גלערנט רוסיש.

אין איין צייט זענען געווען צוויי לערערס, וואס האבן געגעבן „אוראקן" אויף רוסיש: שמול לעדער און פיינ־שטיין. דער לעצטער געקומען פון אדעס, געהייסן האט עס, אז ער איז „פראפעסאר פון מנעמאניק". געגאנגען מיט א גרויסער, ברייטער פעלעריגע, געמאכט א קלאס מיט „סקאמייקעס" (בענק). געמאכט א גרויסן רושם אין שטעטל.

געווען אויך א לערער, א מירער בחור, שליאמקע, סרול לייב יאיעטשניקס זון. געלערנט עברית. געלערנט פון א ביכל „אומן פדגוג".

נאך אים א לערער אליעזר שענקער, געלערנט רוסיש.

פון די מלמדים געדענק איך, קיווע קוגעלעס און שמערל.

קודם געווען איין דאקטאָר אין שטעטל, א פּאָליאַק, מארצינקעוויטש, מיט א גראָבן בויך; אז ער פלעגט אריינקומען צו א קראַנקן, האט ער תיכף געזאָגט: „אָה, פאַן יעסט באַרדזשא כארי" (אָה, איר זענט שטארק קראנק) און אנשרעקן דערמיט די שטוב־מענטשן. צו־

מאָרגנס פלעגט מערסטנטייל דעם קראַנקן בעסער ווערן — איז דאס געווען דער פאַרדינסט פון דאָקטאָר! געווען דערביי א גאנץ גוטער מענטש. פאר אַ וויזיט פלעגט מען אים צאָלן א גאַנצן רובל. שבת — פלעגט מען אים געבן א זילבערנעם לעפל, און זונטיק־פרי איז מען צו אים געלאָפן, אויסקויפן אים — פאר א רובל.

דעם דאקטאר פלעגט מען — פארשטייט זיך — רופן טאַקע נאר, ווען ס'איז געווארן שלעכט דעם קראנקן, ווייל אין געוויינטלעכע פאלן פלעגט מען זיך באנוצן מיט צוויי יידישע פעלדשערס, רופא'ס: יאשי, דער רופא, געירשנט זיין בארוף נאך אים האט יידל רופא, און אורי דער רופא. ביידע פיינע לייט. זיי פלעגט מען נישט צאָלן באזונדער פאר יעדן וויזיט, נאָר אַ יערלעכען אָפּצאָל און זיי פלעגן קומען, ווען מען האט זיי נאר גערופן. געיוען — הייסט עס — יאריקע, נאר ביי די וואס האבן נישט געצאלט קיין יאר־אפצאל, די ארימערע, פלעגן צאָלן פאר א וויזיט, 30 קאפיקעס.

שפעטער געקומען א יידישער דאקטר פון היגומען, מינסקער גובערניע, לאָוו מאיסעיעוויטש לעוויטאַן; א פיינער מאן. דאס געלט פלעגט מען אים גיבן אין האנט, בעתן געזעגענען זיך מיט אים, ביים האנט־דריקן; מ'זאל נישט זען, אז מ'גיט אים געלט, ביי ארימערע פלעגט ער קיין געלט נישט נעמען, נאר נאך איבערלאזן אויף רעצעפטן.

צו דער שטעטלשער אריסטאקראטיע האבן געהערט:

וועלוול לעווין, זיין ווייב האניע, א רייכער, געהאט אן אייזן־געשעפט און א פראפינאציע. זיינע קינדער די ערשטע פון שטעטל געפארן שטודירן, איין זון, פיאָדער לעווין — דאקטאר מעדיצין, איין טאכטער ביילקע האט חתונה געהאט מיט רב חיים גאלדבערג פון סטאָלפּץ. באקאנט איז געווען די משפחה גינזבורג, גערופן שווארץ, לויטן נאמען פון שווער משה שווארץ.

א פיינער ייד איז אויך געווען ר' קיווע גאלדבערג (קיווע שמערל שאכנעס), געהאט א גרויסן מאנופאקטורענעם מאגאזין. זיין איידעם געווען דוד שחר, א זון פון ר' מיכאל שחר.

אברהם ישעיה ווינער, א מאנופאקטור־סוחר, ביי אים אין שטוב האט מען געדאוונט נאכן אפברענען פון שטיבל. איציע ווינער האט מען גערופן איציע מצריימס, ווייל פסח צום סדר פלעגט ער אויסגיסן אין שטוב וואסער און „שפאלטן דעם ים". געווען זייער פרום.

געווען א סלאנימער חסיד. ביי אים פלעגט איינשטיין דער רבי, ווען ער פלעגט קומען קיין מיר.

* * *

# די פאלאטע

## לויט זכרונות פון א מירער

געווען איז דאס מער וויניקער אין די יארן 1896 — 1900. אין דער מיר האט מען אסך גערעדט וועגן א גרופע בחורים, וואס זיינען ארויס לתרבות רעה. געוועזענע ישיבה־בחורים אדער אפילו אזעלכע וואס האבן נאך אין איר געלערנט, פלעגן זיך מתבודד זיין, געהיט זיך פאר א פרעמד אויג. אפט שפאצירט אויסער דער שטאט, קענטיק אויף „סכאדקעס", ערגעץ אין וואלד געגאנגען. אין שטאט האט מען די בחורים גערופן — די פאלאטע, און געשמועסט האט מען וועגן זיי, אז זיי רויכערן אום שבת; רעדן אסך וועגן ליבע און פארברענגען טאקע מיט מיידלעך. אמת, געכאפט ביי דער האנט האט מען זיי נישט געכאפט, אבער פונדעסטוועגן האט יעדער אין שטאט וועגן דעם געוווסט.

דערהויפט וואס האט ארומגענומען מיט שרעק איז געווען דאס, וואס — ווי מען האט זיך איבערגעגעבן אויפן אויער — די בחורים זיינען מורד במלכות. קלערן אריין און שושקען זיך וועגן רעוואלוציע, חלומען וועגן אראפוואַרפן דעם צאר און איינפירן פרייהייט און גלייכהייט פאר אלעמען.

קיין עלטערן, קיין רבנים, בכלל אוטאריטעטן האבן זיי, די יונגע, נישט אנערקענט. יעדער זאל זיך לעבן ווי אים גלוסט זיך, אין א פרייער סאציאל־גערעכטער ארדנונג.

זיי צווישן זיך זיינען געווען באהאפטן מיט קעגנזייטיקער ליבע און צוגעבונדקייט. איינער דעם אנדערן האט צוגעהאלפן מיט וואס נאר ער האט געקענט, בפרט האט מען געהאלפן די יעניקע, וואס האבן פארלאזט די ישיבה און דערביי פרלארן „טעג" און דאס אָרט צום שלאָפן. אן אנדערן ארימען היימישן חבר האט מען געהאָלפן מיט ארייננשיקן פאר פסח א קויש מצות, א שאק אייער און דעסגלייכן. איז עמעץ פון זיי קראַנק געוואָרן, האבן אים די חברים נישט פארלאזט, געגעכטיקט ביי אים, געפּילעוועט, ביז ער איז געזונט געווארן.

וועגן זיי האט מען אסך געשמועסט, אבער זיי וועגן זיך האבן קיינעם גארנישט דערציילט. צווישן זיך גערעדט בשתיקה, קיינער זאל חלילה פון זיי קיין ווארט נישט כאַפּן. איבריגנס האבן זיי צווישן זיך באנוצט א מין אייגענע שפראַך, די פאַלאטע־שפראך; וואס נאָר זיי, די פאלאטע־מיטגלידער האבען פארשטאנען, און אט זיינען איניקע פון די ווערטער: קטויטי — א מיידל: „בלאט" — קאנספיראציע; „א בלאטער", „א בלאטע" אזעלכע, וואָס מ׳קען זיך אויף אים פארלאזן; „כאפן אַ צי" — רויכערן א פאפּיראָס; „זשלאב" — א בחור; „א בראט" — א חבר; „א טרונק" — אדורכפאל, אויסגאנגלאזע; סיטואציע למשל: „אוי, א טרונק", און פיל־פיל אנדערע, וואס ווער געדענקט זיי הייַנט צו טאג?!

א סברה, אז טאקע צוליב זייער געהיים־האלטן זיך, קלערן און רעדן וועגן הויכע זאכן האט מען זיי א נאמען געגעבן „פאלאטע", א רמז צו דער טאינאיא פאלאטע" (געהיימער מלוכה־ראט), וואס האט עקזיסטירט אין צארישן רוסלאנד.

פון אט די פאלאטניקעס זענען דערנאך אויסגעוואקסן פירער פון די סאציאליסטישע פארטייען אויף דער יידישער גאס. פון בונד און פועלי־ציון. זייערע רעוואלוציאנערע אנארכיסטישע, בונטארע טעמפעראמענטן האבן זיך מיט דער צייט בארויקט, אנגענומען געוויסע קאנקרעטע ראמען, געפונען א תיקון אין פארטיי־פראגראמען, אין א לעגאלער צי אומלעגאלער פארטיי־ארבעט אין דעמאלסדיקן צארישן רוסלאַנד.

די פאַלאטע איז דעריבער געווען, געקוקט פון היינטיקן קוקווינקל — א מין איבערגאנג פון שטרענ־

גער ארטאדאקסיע צו א סאציאליסטישן וועלטבאנעם.

די פאלאטניקעס פלעגן אויך מיט ברען זינגען אויף זייערע אויספלוגן אליין־פארפאסטע, צי פרעמדע לידער (וואריאציעס פון מאריס ווינטשעווסקי) מיט אַן רעוואלוציאנערן אינהאלט. אט וואס ס׳געדענקט זיך נאך פון יענער צייט פון זייער רעפערטואַר;

אין די גאַסן פון די מאסן
ווו עס גייען מענטשן, ראסן
רופט דער פרייהייטס־גייסט:
איך ברענג וואָפן
פאר דעם שקלאפן
צו באפרייען ארבעט־שקלאפן
און איך מאַך זיי דרייסט!
ליכט פארברייטן
רעכט פארשפרייטן
טו איך און צעררייס די קייטן
פון טיראנען־הייט.
די נאַציאָנען, פון קאנאָנען
און פון ארמעיען, און פון שפיאָנען
טו איך מאַכן פריי!

וואס קלינגען גלאקן?
אַך, וואס קלינגט איר קירכן־
גלאָקן?!

הערט שוין אף!
גענוג געשראקן!
אייערע ווילדע קירכען־טענער
אין אונזער ארימער וועלט
זייערן טענער טוען רופן
צו פארברענען מענטשן, גופים
אויף די הויכע עשאַפאָטן
וואס איר האט געשטעלט.
אייערע טענער רופן הענגער,
מיליטער פאר יעדן דענקער,
יעדע קאָפּ אראָפּצונעמען
וואס עס בייגט זיך נישט.
און איר טוט די וועלט פארוויגן
אין אַ טרויערדיקן ניגון
און פארוויקלט אין א מאנטל
פון א יעזויט!

מנשה צינקין

# ביי דער ערשטער שריפה

די ערשטע שריפה האָט זיך אנגעהויבן אין מיטן טאָג (זומער 1898). איך בין געווען אַ חדר־יינגל, און ווי נאָר דער רבי האָט דערהערט די געשרייען „פייער, פאָזשאר", האָט ער פונאַנדערגעלאָזן דעם חדר און אונז געשיקט אַהיים, האָב איך שוין געטראָפן אַ צערודערטע הויז, מ׳האָט געבונדן פעק און געטראָגן אויפן וואל, ווייל דער ווינט האָט געבלאָזן צו דער אַנדערער זייט שטאָט, צום פאָדאָל.

איך בין געבליבן היטן די זאַכן, וואָס מ׳האָט שוין געבראַכט; דער טאַטע די מאַמע, די עטלעכע ברידער און שוועסטער זענען אַוועק ברענגען נאָך זאַכן.

עס איז געווען אַ וואַרעמער זומערדיקער פאַרנאַכט, איך בין געזעסן אויפן גראָז נעבן די זאַכן און איך האָב געקוקט אויף דער שטאָט און געזען, ווי די פלאַמען בושעווען, געהערט די יללות פון די מענטשן, וועמענס הייזער האָבן שוין געברענט; געהערט דאָס טרעסקעשען און קנאַקן פון ברענענדיקע טרוקענע דעכער, איך האָב געקוקט אויף דעם ברענענדיקן, האַלב רונדיקן דאַך פון אונדזער קאַלטער הילצערנער פיר־גאָרן הויכער שול, וועלכן איך האָב גאַנץ גוט געזען פון דעם בערגל, ווו איך בין געזעסן. און כאָטש איך בין נאָך געווען אַזוי יונג, האָט מיין האַרץ געוויטיקט אויף דעם פאַרלוסט פון דער שול, וואָס איז געווען טייער און איינגעבאַקן אין אַלעמענס הערצער, מיט איר וווּנדער־שיינער ארכיטעקטור, מיט דעם געשניצטן ארון־קודש ביז צו דער סטעליע, מיט די פאַרבן־רייכע בילדער אויף דער הינטערשטער וואַנט, ווו די ווייבערשע שול איז געווען. דאָס בילד האָט פאָרגעשטעלט ווי אברהם ברענגט יצחק׳ן צו דער עקידה; ווי דער נביא אליהו פליט אַרויף אין זיין פייערדיקן רייטוואָגן צום הימל; ווי משה גייט אַרונטער פון באַרג מיט די לוחות, און פיל אנדערע ביבלישע טעמעס, וועלכע איך געדענק שוין ניט.

די שול איז געווען דער שטאָלץ פון גאַנצן שטעטל, איבערהויפּט פאַר אונדז קינדער, וועלכע זענען געווען אָנגעצויגן פון דער לעגענדע, אַז ביינאַכט, ווען די שול איז פאַרמאַכט, דאַווענען דאָרט די מתים. ווען איך בין געגאַנגען ווינטער ביינאַכט פון חדר מיט דער לאַמטערן אין האַנט און איך בין צוגעקומען צום שולהויף, האָב איך געשטעלט פיס און געלאָפן מיט אַלע כוחות צו זיין וואָס ווייטער פון דער שול און זיך חלילה ניט באַגעגענען מיט אַ מת.

אַ הייליקע מורא איז באַפאַלן, ווען דער טאַטע האָט מיר גענומען שבת אין שול און האָב געדאַרפט דורכגיין דעם פאָליש, ווו דער טהרה־ברעט איז געשטאַנען.

בין איך מיר אַזוי געזעסן נעבן אונדזערע זאַכן און געקוקט אויף דעם פייערדיקן דאַך פון דער שול און אָט זענען שוין די גאָנטעס פאַרברענט און עס זעען זיך בלויז די האַלב־רונדע פייערדיקע קראָקוועס, וועלכע זענען געמאַכט פון עפּעס זייער אַ שטאַרקן האָלץ און זיי האַלטן אויס היפש עטלעכע מינוטן און דאַן פאַלן זיי איין אַלע מיט אַמאָל, דאָס בילד פון די פייערדיקע קראָקוועס שטייט מיר נאָך יעצט פאַר די אויגן.

זיצנדיק אַזוי בין איך געוואָרן הונגעריק, און דערטאַפּנדיק דעם סלאָי אגרעס־סאָק, וואָס די מאַמע האָט געבראַכט, האָב איך זיך גענומען צו אים. אגרעס־סאָק האָט די מאַמע געפּרעגלט ביז עס איז געוואָרן שטייף און זי האָט עס אויפן לאָקשן־ברעט געשניטן ווי לעקעך, און עס געלייגט אין סלאָי און דערביי צוגעווונטשן „הלוואי זאָל מען ניט דאַרפן". איך האָב אַזוי פּאַוואָלע אויפגעגעסן אַ האַלבן סלאָי. און ווען די מאַמע איז שפּעטער אָנגעקומען און האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אונדזער הויז צוזאַמען מיט אונדזער געסקעלע האָט דאָס פייער אויסגעפּיטן, האָב איך געקרעכצעט און זיך געהאַלטן פאַרן בויך. די מאַמע האָט דערזען דעם האַלבן אויסגעליידיקטן סלאָי, און זי האָט גלייך פערשטאַנען, וואָס דער נאַשער האָט דאָ אָפּגעטאָן; אַ דערשראָקענע איז זי אַוועק נאָכן טאַטן, ער זאָל לויפן זוכן דעם רופא, כדי צו ראַטעווען איר מיזיניק.

**אלטע סלוצקי־פאמערטשיק**

# אמאל אין מיר

איך בין געקומען מיט מיין פאמיליע אין דער שטאט מיר בעת דעם וועלט־קריג, אין יאר 1914. איך בין נאך דאן געווען צו יונג צו פארשטיין וואס און וועמען האט די טייערע שטעטעלע פארמאגט. מיינע עלטערן האבן געדונגען א וווינונג אין דעם קהלהשן געסל ביי פרומקע גאראדזיינסקי (געפינט זיך היינט אין אמעריקע). מיין פאמיליע אין דאן באשטאנען פון זעקס פערזאן: פאטער און מוטער, דריי ברידער און איך. מיין פאטער האט גלייך געמאכט זיינע געשעפטן, און דוקא גרויסע און נישט קיין שלעכטע. און מיר האבן זיך זייער גיך אקלימאטיזירט און באפריינדעט מיט זייער א סך משפחות. ווי צום ביישפיל ר׳ חיים טשארני, ר׳ שמואל פעסעצנער (דער שוחט), ר׳ שאכע ראבינאוויטש, ר׳ מרדכי בערמאן, ר׳ ראובן פאס־טאווסקי, ר׳ חיים רייזן (דער יערעמיטשער), א ייד א בעל טובה מיט א אפענער האנט, ר׳ אברהם־חיים זאבלאצקי, דער שפעטערדיקער פרעזעס פון לינת־הצדק און בקור־חולים, א ייד וואס האט ליב געהאט צו העלפן אלעמען מיט וואס ער האט געקענט; ר׳ דוד קאצענעלסאן, ר׳ אליעזר ראקאוויטש, ר׳ מאניע פריד, און נאך א סך אנדערע. מיר האבן זיך שטארק אויפגעלעבט מיט אונזערע נאענטע שכנים: ר׳ שלמה סינדער, רבקה סינדער (די פאמיליע געפינט זיך אין זיד־אפריקע), דינקע טאומאן (געפינט זיך יעצט אין שיקאגא), ר׳ יצחק בערנאק, ר׳ מאשע־לייב בערנאק און אנדערע. און גאר גיך האט דאס געהאט א אויסזען אזוי ווי מיר וואלטן געווען לאנגע, לאנגע יארן מירער תושבים. און מיין פאטער האט אין די שפעטערדיקע יארן פארנומען א ארט אין געזעלשאפטלעכן און רעליגיעזן לעבן פון שטאט. בכלל האט מען מיין פאטער ר׳ ישראל סאלוצקי ז״ל געהאלטן פאר זייער א קלוגן מענטש, און מען פלעגט צו אים זייער אפט קומען זיך בעראטן וועגן א סך זאכן: וועגן מאכן נייע געשעפטן, חתונה מאכן קינדער, און פארשיידענע סכ־סוכים. איך האב אויך זייער שנעל געפונען מיינע חברות. פון מיינע נאנטסטע און טייערסטע זענען געווען: מאניע בראן, אלע שיף (יעצט אין אמעריקע) סאניע ראזאווסקא, שיינע פאסטאווסקא, רבקה ראקאוויטש, לאה ראקאוויטש, חיה פאזניק (אלע אומגעקומען פון נאציס), ראזל מאנטע (געשטארבן אין זיד־אפריקע). מיין מוטער האט מיר צוגעגרייט צו האלטן עקזאמינעס אין מינסקער גימנאזיע, און צוזאמען מיט מיינע חברטעס בין איך אוועק געפארן לערנען.

אין שפעטערדיקע יארן פלעג איך קומען א היים אויף „קאניקל״. איך האב געוווסט אז ביי אונז אין שטאט איז דא א גרויסע ביבליאטעק, וועלכע האט זיך נישט געקענט פארשעמען אפילו אין א גרויסער שטאט, און א אינטעליגענטע און זייער באגאבטע יוגנט. און א שיינער דראמאטישער־קרייז, שטענדיק פלעג איך בא־וווּנדערן, ווי די מענטשן פלעגן זיך ערנסט באציען צו די זאך. מיטן דראם־קרייז האט אנגעפירט מענדל טאבאטשניק. בכלל, איז מענדל טאבאטשניק געווען אין יענער צייט די הארץ פון דער מירער יוגנט. עטלעכע מיידלעך, וואס האבן געשפילט אין דראמאטישן קרייז זענען אויסגעוואנדערט, און דער אויסוואל איז געפאלן אויף מיר. טאבאטשניק און זיינע קאלעגן האבן מיך איינגעלאדן אריינצוטרעטן אין קרייז, און טאקע גלייך גיין שפילן א ערנסטע ראל. מיר האבן געמאכט א פראבע און דער עקזאמען איז אדורך בשלום, און מיט א פאר טעג שפעטער האבן מיר מיט ערפאלג אפגע־שפילט די פיעסע. אין יענער צייט איז אריינגעטראטן אין „קרייז״ עשקע פעסעצנער, רייזל קאלפאניצקע, לאה ראפאפארט, חייקע פאזנאק, דוד חיימאוויטש, לייבל קריינאוויטש, נחום־עלע קאגאן. געשפילט האבן מיר זייער אפט, די הכנסה איז געגאנגען אויף וווילטעטיקע צוועקן. בכלל איז דער קרייז געווען פארבונדן מיט אלע אינסטיטוציעס פון שטאט: יתומים־קאמיטעט, פייער־לעשער, מיט דער פאלק־שול, מיט דער ביב־ליאטעק־פארוואלטונג, לינת־הצדק, בקור־חולים, און אנדערע. ווער עס האט נאר געדארפט האבן הילף,

האָט זיך געווענדעט צום דראַם־קרייז, און אַלע מאָל געפונען אַ אָפּרוף. געשפּילט האָבן מיר די בעסטע פּיעסן פון יידישן רעפּערטואַר: שלום־עליכם, שלום אש, אנסקי, פּרץ, פּרץ הירשביין, לעאָן קאָברין, גאָרדין, „די גנבים" פון בימקא, „דער גבור אין קייטן" (פון וויקטאָר הוגאָ), „נאָראַ" איבסענס, און אייניקע איבערזעצונגען פון רוסיש: „די טעג פון אונזער לעבן", „די זיבן געהאַנגענע" און אַ סך אַנדערע. מיר האָבן געהאַט גרויס ערפאָלג אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, גאָראָדזייע, סטאָלפּצי, טירעץ, און נעסוויעזש. אָפט פלעגן די שטעט אונדז אַרויסרופן צו זיך אויף גאַסטראָלן. אַזוי האָט אונז פאַרבעטן נעסוויעזש, מיר זאָלן שפּילן „לטובת אָרעמע קינדער" צוויי פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבן געהאַט גרויס ערפאָלג.

ווען חיים פאָרטנאָי איז אָפּגעפאָרן קיין דרום־אַפריקע, איז דער סופליאָר געוואָרן ביי אונז שמואל קוליק, פון זשוכאָוויצער גאַס. דער מירער דראַם־קרייז איז געווען זייער טעטיק. עס זענען שפּעטער צוגעקומען רבקה פּאָגאָרעלסקי, ראָדל זשוכאָוויצקי, די וואַרשעווער אַקטיאָרן באָטשקאָ און פּרוי, חיים זעליוואָנסקי פון באַראַנאָוויטש און אַנד. אַ זייער אַקטיוון אָנטייל האָט גענומען ביי אונז אין קרייז יוסף קאַפּלאַן, ער איז געווען דער פּרעזעס פון קרייז, און האָט פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון שטאָט.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך ביי אונז אין שטאָט געגרינדעט אַ יתומים־קאָמיטעט. די גרינדער זענען געווען פאָלגענדע פּערזאָנען: ר' ישראל סאָלוצקי, ד"ר יוסף סקווירסקי, ר' דוד קאַצענעלסאָן, משה'ל גינסבורג. איינמאָל איז צו אונז געקומען אַ דעלעגאַציע פון ביאַליסטאָקער יתומים־קאָמיטעט: פרוי ראָסיע ראַבינאָוויטש און איר סעקרעטאַר צאַמאַראַצקי. זייער ציל איז געווען צו אָרגאַניזירן אין יעדער שטאָט און שטעטל יתומים־הייזער אָדער קאָמיטעטן, און זיי האָבן אָרגאַניזירט אויך ביי אונז אַ קאָמיטעט, מיט די פאָלגנדיקע מיטגלידער: איסר וויינער (בערל דעם קצב'ס זון), ליפּאַ ראַבינאָוויטש (חאַשע־ביילקעס זון פון מיראַנקער גאַס), בענצע חיימאָוויטש, בערקע גאָראָדייסקי, חיים זשוק. פּרעזעס פון קאָמיטעט איז געוואָרן ד"ר סקווירסקי, וויצע־פּרעזעס און סעקרעטאַר מיין פאָטער ר' ישראל סאָלוצקי. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו רעגיסטרירן אַלע יתומים און נעמען זיי אויף אַ אונטערזוך צו ד"ר סקווירסקי, כדי צו זען, וועלכע קינדער נייטיקן זיך אין קוראַציע, בעסערע ערנערונג אָדער זומער־קאָלאָניע. דער קאָמיטעט האָט געשיקט חברות צו מאַכן די רעגיסטראַציע, באַזוכן אַ פּאָר מאָל אין וואָך די קינדער, זען וואָס זיי פעלט, און שאַפן געלט־מיטלען, ווייל דער ביאַליסטאָקער הויפּט־קאָמיטעט האָט אַסיגנירט זייער אַ קליינע מאָנאַטלעכע סומע. מיר האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיטן באַראַנאָוויטשער קרייז־קאָמיטעט, אָבער דאָס אַלעס איז געווען ווייניק. מען האָט באַשלאָסן צו באַשטימען אַ מאָנאַטלעכן אָפּצאָל פון אַלע איינוווינער פון שטאָט, ווער וויפל עס קען; אָרגאַניזירן אַ בלימל־טאָג און בעטן דעם דראַם־קרייז צו געבן לטובת דעם יתומים־קאָמיטעט אַ פּאָר פאָרשטעלונגען. די מוטערס האָבן דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע יתומים, און געפירט זיי צו ד"ר סקווירסקי אויף אַ אונטערזוך. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך קינדער האָבן געהאַט אָנגערירטע לונגען, און מען האָט זיי באַדאַרפט באַלד אָפּשיקן אין אַ קינדער־סאַנאַטאָריום. אַנדערע קינדער זענען געווען אָפּגעשוואַכט און האָבן באַדאַרפט גוטע פלעגע. אַ וואָך שפּעטער האָט מען דורכגעפירט דעם בלימל־טאָג מיט גרויס ערפאָלג. דער דראַם־קרייז האָט געשפּילט „דעם גבור אין קייטן" מיט ערפאָלג. די פרויען־אָרגאַניזאַציע: ריוועטשע פּאַסטאַווסקי, חוה חיימאָוויטש, מאָטעלע בערמאַן, סאָנע האַרקאַווע, נאָטע האַרקאַווע'ס פרוי, פּערעלע ראַבינאָוויטש, אַלטער ראַבינאָוויטשעס פרוי, חאַסע רעזניק, און עטל מאַרגאַלין, האָבן גענומען אָרגאַניזירן אַ בופעט מיט אַ לאָטעריע, און דער אָוונט איז אַדורך מיט אַ גרויסן מאַטעריעלן און מאָראַלישן ערפאָלג. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט דער דראַמאַטישער קרייז געגעבן אַ מוזיקאַליש־וואָקאַלישע פאָרשטעלונג, וועלכע האָט אויך געגעבן אַ שיינע סומע. אַזוי אַרום זענען געשאַפן געוואָרן געלט־מיטלען און דער קאָמיטעט האָט געקענט פאָרזעצן די אַרבעט. מען האָט אַדאָפּטירט אַלע יתומים וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין עלטערן, אָדער וועלכע האָבן געהאַט בלויז פאָטערס אָדער מוטערס. פון די יתומים וועלכע איך געדענק זענען געווען פאָלגענדע: פּסח און נח טשערניכאָווסקי (נח געפינט זיך אין לאַנד אין שכונת

ביאַליסטאָק), חיה־רחל דער פּאַפּיראָסן־מאַכערקעס דריי קינדער, כוואלע מאַושאָוויטש, דער אלמנה רבקה גילמאַוויטשעס פיר קינדער, צווי ברידער גאלדגוור שמחה, ישראל־בער, שרקעלע דער אלמנה׳ס (פון

לערנען אַ פאַך און גלייכצייטיק באַזוכט די פאָלק־שול. קינדער פון רעליגיעזע עלטערן זענען אַוועק לערנען אין תלמוד־תורה, און די עלטערע קינדער — אין ישיבה. די קראַנקע קינדער זענען אָפּגעשיקט געוואָרן



תזמורת מכבי־אש:

1) בן־ציון הרכבי, 2) אהרן סורז׳נסקי, 3) אהרן גלר, 4) יצחק שבשיביץ, 5) לייבל קריינוביץ, 6) מוליע קפלן, 7) אוסיפ סטלמשוק (נוצרי), 8) אהרן הרכבי, 9) יעקב זלצר, 10) חוניה קסמיביץ, 11) בצלאל קפלן (מנצח), 1) משה אפשטיין, 13) עזריאל קפלן, 14) שמעון גולקוביץ, 15) זליג פרושינובסקי, 16) משה לבנדובסקי, 17) בנימין גולדיו.

ווייסאקע גאס) אַ מיידעלע, נחום־עלע קאגאן מיט זיין שוועסטער (נחום־עלע געפאַלן ווי אַ העלד פון די הענט פון די פאַרטיזאַנער). אלי הוראוויטש און ברודער, און נאָך פיל. אייניקע קינדער זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן

אין אַ קינדער־סאנאטאָריום ביי אָטוואָצק. אָט אַזוי האָט זיך געפירט די אַרבעט אין אונזער ליבער און טייערער שטאָט מיר, ביז עס זענען נישט געקומען די דייטשע באַנדיטן.

נח מישקאָווסקי

# די ערשטע יידיש־וועלטלעכע שול *)

1898, איך בין דאַן געקומען פון וואַרשע אין מיין שטעטל מיר, נעבן נאָוואָראַדאָק, מינסקער גובערניע. לויט מיינע איבערצייגונגען, בין איך דאַן געווען אַ יידישער נאַציאָנאַליסט און אויך אַ סאָציאַליסט. כאָטש אַלע מיינע פריינט און בעקאַנטע האָבן עס באַטראַכט פאַר נישט לאָגיש און ווילד. איך האָב געהאַסט די רוסישע רעגירונג פאַר די גזירות קעגן מיין פאָלק, פאַר וואָס יידן האָבן נישט געטאָרט וווינען אין גרויסע טיילן פון דער רוסישער אימפּעריע און בכלל פאַר די אויס־נאַם־געזעצן קעגן יידן.

דער ציוניזם און דער בונד זענען ערשט דערשינען אויף דער יידישער גאַס, נאָר זייער איינפלוס האָט זיך אין אונדזער שטעטל דעמלט נישט געפילט. עס זענען געווען אייניקע ציוניסטן, וואָס זייער גאַנצע טעטיקייט האָט זיך באַגרענעצט צו אַגיטאַציע. מיר האָט צו יענער צייט פאַרמאָגט אַ גאַנץ גוטע אינטעליגענץ פון די בחורים פון דער מירער ישיבה און פון שילער וואָס האָבן געלערנט אין גימנאַזיע און אפילו אין הויכשולן. די ישיבה־בחורים האָבן זיך באַהאַלטערנערהייט גע־קוויקט מיט די העברעאישע ביכער און צייטונגען, די גימנאַזיסטן — מיט רוסישע קלאַסיקער אָדער זשורנאַלן. דער צושטאַנד פון יידיש איז געווען אַ קלאַגעדיקער. אונדזער שפּראַך האָט אַפילו קיין נאָמען ניט געהאַט, מ׳האָט עס גערופן „זשאַרגאָן". פאַר אַ אינטעליגענטן מענטשן האָט מען געהאַלטן דעם, וואָס האָט געלייענט העברעיש אָדער רוסיש, אָבער חלילה נישט דעם וואָס האָט געלייענט יידיש. אַלע האָבן אָבער גערעדט יידיש און גלייכצייטיק האָבן זיך די אינטעליגענטן צו איר באַצויגן ווי צו אַ נידעריקער שפּראַך, וואָס איז איבערהויפּט קיין שפּראַך נישט.

איך האָב אויך נישט געהאַט קיין באַשטימטע מיינונג וועגן אונדזער שפּראַך, איך האָב אָבער באַגריפן, אַז אויף דער שפּראַך רעדט דער רוב פון אונדזער פאָלק, אַז די שפּראַך איז באַליבט ביי אונדזערע מאַמעס, אַז ס׳איז לייכטער אונדזערע אָרימע ברידער צו דער־ציען און אויפקלערן אויף יידיש. און אַז אין שטעטל מיר איז אַנטשטאַנען די פראַגע וועגן אונדזער יוגנט, איז ביי מיר פערזענלעך קלאָר געווען, אַז די דערציונג מוז זיין אין יידיש.

איך האָב זיך דאַן באַשעפטיקט ביי מיין פאָטערס שרייבטיש (ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט) מיט לערנען יידישע קינדער רוסיש. קינדער פון אָרעמע עלטערן האָב איך געגעבן לעקציעס פריי. דאַן איז מיר איינגע־פאַלן דער געדאַנק צו גרינדן פאַר די אָרעמע קינדער אַ מאָדערנע יידישע שול מיט קלאַסן, און צוצוציען נאָך אייניקע פאַסיקע לערער. איך האָב באַשלאָסן, אַז די שול מוז זיין אַ יידישע: אַלע געגנשטאַנדן, ווי: אריפ־מעטיק, יידישע געשיכטע, געאָגראַפיע, זאָלן געלערנט ווערן אין דער שפּראַך פון אונדזערע יידן אין שטעטל־יידיש, רוסיש דאַרפן זיי קענען אָנשרייבן אַן אַדרעס. — גאַנץ אַנדערש האָבן אויף דעם געקוקט מיינע מיט־אַרבעטער לערער. מיין שוועסטער שפרה, איז דער־צויגן געוואָרן אויף דער מאָדערנער רוסישער קולטור. דער גימנאַזיסט לעווין און די גימנאַזיסטקע אַניוטע יאָסעלעווסקי האָבן זיך אַנדערש נישט געקענט פאַר־שטעלן, ווי אַזוי מ׳קאָן געבן דעם יונגן יידישן דור בילדונג, נישט באַנוצנדיק זיך מיט דער רוסישער שפּראַך. איז ביי אונדז געבליבן, צו לערנען יידיש און רוסיש. איך זאָל זיין דער לערער פון יידיש און זי — די לערערין פאַר רוסיש. וועגן גייסט פון אונדזער שול האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף זיין אַ וועלטלעכע — נישט קיין רעליגיעזע. קיין אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם האָבן מיר נישט געהאַט. מיר האָבן באַשלאָסן דורכגען מיט די קינדער דעם דאַמאָלסדיקן קורס פון די רוסישע

*) „פאָרווערטס", 12 סעפּטעמבער 1942, ניו־יאָרק.

אַנפאַנגשולן (גאַראַדסקאָיע אוטשילישצע). לערן־ביכער איז געווען די שווערסטע פּראָבלעם. זיי, די לערער פון רוסיש, האָבן געהאַט זייערע טעקסט־ביכער, רו־סישע אָנפאַנגס־ביכלעך און אַפילו כרעסטאָמאַטיעס. אויף יידיש אָבער האָבן מיר נישט פאַרמאָגט קיין איין בוך, וואָס זאָל זיין צוגעגלעך פאַר קינדער, שוין נישט רעדנדיק וועגן טעקסט־ביכער. איך האָב באַשלאָסן אָנצוווענדן אַן אַלטע מעטאָדע: אויסלערנען די קינדער דעם א״ב, וויזן זיי וויאַזוי יידיש לייענט זיך און דאַן איבערגיין צו מעשהלעך. מיר האָבן שוין פאַרמאָגט אייניקע ליטעראַרישע זאַמלביכער אויף יידיש, בעל־טעריסטישע ווערק פון יידישע שרייבער, לידער פון י״ל פרץ, פרוג און אנדערע. צו לערנען שרייבן, דיקטאַט און היים־ארבייט, האָבן מיר געמוזט אָנקומען צום אַמאָליקן בריוונשטעלער. אַריפמעטיק אויף יידיש האָב איך געלערנט לויט יעוועטושעווסקי; געאָגראַפיע לויט סמירנאָוו און יידישע געשיכטע לויט דובנאָוו. אַלע ביכער זענען געווען אויף רוסיש. איך האָב געהאַט יעדן טאָג אַ גוט שטיקל אַרבעט צו באַאַרבעטן די לעקציעס אויף יידיש, אַזוי אַרום האָב איך געלערנט די קינדער אַלע געגענשטאַנדן. קינדער האָבן מיר אָנגענומען פון די סאַמע אָרימע און יעדעס קינד וואָס מיר פלעגן אַריינעמען, פלעגט ביי אונדז קריגן אַ ביליקן טאָוול מיט אַ גריפל, אַ בריוונשטעלער און אויך אַ רוסיש ביכל (דוכט זיך, וואַלפערטס „רוסקאַיא רעטש״).

ווען מיר, די פיר לערער, זענען פאַרטיק געוואָרן מיט אונדזערע אַלע צוגרייטונגען, זענען מיר צו־געטראָטן צו דער פּראַקטישער אַרבעט. מיר האָבן געדונגען אַ גרויס צימער ביי אַ זאַמד־פירער אויף זשוכאָוויצער גאַס, אויסגעהאַנגען אָנאָנסן אין דער שול און ביים אַריינגאַנג אין בית־מדרש, אַז מיר עפענען פאַר אָרעמע קינדער אַ שול, אין וועלכער מ׳וועט לערנען יידיש און רוסיש, און צום באַשטימטן טאָג האָבן מיר אָנגעהויבן רעגיסטרירן די קינדער. ווי געזאָגט, האָבן מיר אַריינגענומען די אָרעמסטע קינדער, וואָס זייערע עלטערן זענען אַוועק אין אַמעריקע אָדער אַנדערשוואו, קינדער יתומים, אָדער פון זייער אָרעמע עלטערן, וואָס קענען אַפילו נישט צאָלן צען קאָפּיקעס אַ וואָך פאַרן לערנען, און אַזעלכע האָבן מיר געהאַט איבערגענוג. מיר זענען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. דער צימער, אין וועלכן ס׳האָבן געדאַרפט לערנען איינצייטיק אַ 15 קינדער, איז גאַרנישט געווען צו־געפּאַסט פאַר אַ שול־צימער ער האָט געדינט פאַר אַ שלאָף־צימער, פאַר „אַסאַליע״, פאַר אַן עס־צימער, און פאַר וואָס ניט? דאָס גאַנצע הויז איז באַשטאַנען פון איין צימער מיט אַ פאַר־הויז. וואָס האָבן מיר געקענט האָבן בעסערס פאַר צוויי גילדן אַ וואָך? אין צימער איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, אַ פּאָר לאַנגע בענק, אַ פּאָר טאַבורעטקעס און אַ פּאָר בעטן.

וועגן קריגן שול־מעבל האָבן מיר אַפילו נישט געחלומ׳ט. פאַרשטייט זיך אַז קיין שכר־לימוד האָט מען נישט געצאָלט, די לערער פלעגן אויסהאַלטן די שול, באַצאָלנדיק דירה־געלט, איינקויפן דאָס נויטיקע און אפילו — צווישן אונדז זאָל דאָס בלייבן — אָפט באַקומען קליידלעך, שיכלעך פאַר די קינדער, וועלכע האָבן זיך אין דעם שטאַרק גענויטיקט און האָבן אַן דעם נישט געקאָנט באַזוכן די שול. ספּעציעל האָט זיך אין דעם אויסגעצייכנט די לערערין אַניוטה יאַסע־לעוווסקי. די קינדער זענען געווען איינגעטיילט אין גרופּן און מיר האָבן זיי געלערנט פון אינדערפרי ביז דריי בייטאָג.

אין די ניין הדשים, וואָס איך בין געווען פאַרנומען מיט דער שול, האָבן די קינדער דערגרייכט אַן אומ־פאַרגלייכלעך גרעסערן דערפאָלג אין אַלע געגענ־שטאַנדן, וואָס איך האָב געלערנט אויף יידיש, ווי ביי די אַנדערע דריי לערער, וואָס האָבן געלערנט אויף רוסיש. מיינע קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט גוט לייענען, שרייבן יידיש, האָבן געהאַט אַ שטיקל באַגריף פון דער יידישער געשיכטע, געאָגראַפיע, אַריפמעטיק־ברוכצאָלן, האָבן געקאָנט זינגען אַ 10—15 פאָלקס־לידער. אין דער זעלבער צייט, האָבן זיי שלעכט געלייענט און געשריבן רוסיש. — יעדן שבת נאָכן טשאָלנט פלעג איך מיט די קינדער האָבן שמועסן וועגן דעם ערד־קוגל, טייכן, ימים, פעלדער, וועגן לעבן פון מענשן און חיות, פעלקער, פייער וואַסער... שען איז געווען דאָס בילד אַ שבת׳דיקן נאָכמיטאָג, די קינדער זענען געזעסן אויף די בענק, טאַבורעטקעס, בעטן און דאָס רוב אויפן פאָדלאָגע ס׳פלעגן קומען אַ סך עלטערן צו הערן די וואונדערבאַרע מעשיות.

וויפיל קינדער ס׳האָבן באַזוכט די שול, געדענק איך נישט, עס האָט געמוזט זיין ארום 50 קינדער.

נאָך ניין חדשים לערנען און פאַרוואַלטן מיט דער שול, האָב איך פאַרלאָזן דאָס שטעטל און שוין מער נישט צוריקגעקומען. ס׳זענען אַוועק אויך די איבעריקע דריי לערער; די שול איז אַריבער צו אַ גרופּע מיידלעך ציוניסטקעס: אויף וויפל איך געדענק, זענען זיי געווען: הינדע שמערקאָוויטש, ציפּע ו׳אקאָוו, שרה סלאָנימסקי און אלטע אסנעס.

דאמאלס, מיט אַ זעכציק יאָר צוריק האָב איך נישט געוווסט וועגן דער באַדייטונג פון מיין גרינדן די ערשטע מאָדערנע יידישע קינדער־שול אויף דער וועלט. איך האָב נישט געקענט פאָרויסזען, אַז פופצן — צוואַנציק יאָר שפּעטער, וועט דאָס יידישע שולוועזן ווערן אַזאַ פאַרצווייגטער, וויכטיקער און לעבעדיקער פאַקטאָר אין יידישן קולטורעלן לעבן אין פּוילן, רוסלאַנד, אַמעריקע. איך האָב נישט געקענט פאָרויסזען, אַז עס זאָלן געשאַפן ווערן אויף דער יידישער וועלט אַזוי פיל שול־אָרגאַניזאַציעס, מיט לערן־ביכער, קינדער־זשורנאַלן.

פון די דאַמאָלסדיקע פיר לערער איז אהרן לעווין שוין נישט מיט אונדז. ער האָט געענדיקט אַלס דאקטאר־מעדיצין און געוואָרן אַ מיליטערישער דאָקטאר אין דער רוסישער אַרמיי און געשטאָרבן ווי אַ מאַרטירער. דאָס איז געשען אין אסטראכאַן, רוסלאַנד, אין דער ערשטער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די קאָנטררעוואָלוציאָנערן זענען אָנגעפאַלן אויף די יידן און געמאַכט אַ פּאָגראָם. איז ער אַריין אין זייערע רייען און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע. דערפאַר האָבן זיי אים פשוט צעריסן אויף שטיקלעך. ערשט אויף מאָרגן איז זיין פרוי אַניוטע יאסעלעווסקי, אַרויס זוכן זיין טויטן קערפּער און זי האָט די צעריסענע שטיקלעך פון זיין קערפּער צונויפגעקליבן און באַגראָבן.

מיין שוועסטער שפרה מישקאָווסקי, היינט פרוי שרייער, האָט פאַרבראַכט די לעצטע 25 יאָר אין לאָס־אַנדזשעלעס.

חיים סעמיאטיצקי *)

# א שבועות נאכט אין דער ישיבה

(אַ בילד)

אַ שטילע יום־טוב׳דיקייט רוהט איבערן שטעטל, פון יעדן פענסטער שיינען אַרויס די שבת־ליכט און מיט זייער צניעות׳דיקן שיין פערשפרייטן זיי דעם יום־טוב איבערן גאַס. יידן געהען דאַוונען בנעימות׳דיק, שטאָלץ, מיט קינדער פאַר די הענטלעך.

אין דער גרויסער אַלטער מויער פון דער ישיבה זענען שוין די לאָמפּן אָנגעצונדן; די ישיבה איז נאָך ליידיק, אָבער עס פילט זיך ווי די ווענט פון דער ישיבה וואָלטן געווען אין שמחהדיקער ערוואַרטונג פון דער היינטיקער נאַכט. נאָר ערגעץ פון אַ ווינקל צעקלינגט זיך שוין דאָס אַלטע בעקאַנטע קול פון אַ מתמיד מיט דער „מה חובתו בעולמו". איצט לערנט ער מוסר, ער גיט אָפּ אַ חשבון פון די אַלע נעכט, די נישט דערשלאָפענע. שבועות ביי נאַכט איז ביי אים נישט נאָר די קבלת התורה, נאָר אויך די קבלת התמדה.

איינציקווייז, איינציקווייז שלייכן זיך אַריין די בחורים אין ישיבה, אָנגעטאָן יום־טובדיק מיט אַ פריידיגן ערנסט אויף די פּנימער, ווי די הויפּט־מחותנים אויף אַ חתונה. ווער זענען אַזעלכע נאָענטע בעלי־שמחה ווי זיי? די, וואָס גיבן אָפּ זייער יוגנט פאַר דער תורה, זיי פילן, ווי דער גאַנצער היינטיקער יום־טוב איז ספּעציעל פאַר זיי געשאַפן געוואָרן און דאָס געפיל לעבן זיי איבער מיט שטאָלץ. מען לערנט איצט מוסר, דאָס איז די הכנה צו קבלת התורה. דער שטענדיק־אומעטיקער מוסר׳דיקער ניגון, וואָס וואַרפט אָן שטענדיק דורך די פענסטער פון דער טרויער ישיבה אַזאַ טרויער אויף די פאַרבייגייער אין די פאַרנאַכטן קלינגט היינט פריילעכער, מונטערער. אַ פריידיקער אומעט איז צעגאָסן איבער אים, עס איז דאָך עפּעס היינט שבועות און דער „ושמחת" דרינגט אפילו אַריין אין דעם עצבות׳דיקן מוסר־ניגון.

*) חיים סעמיאטיצקי, אומגעקומען אין ווילנער געטא. א יידישער דיכטער, רעליגיעז געשטימט.

פלוצלונג דערהערט זיך אַ פּאַטש אין עמוד פון בעל־תפילה און אין ישיבה ווערט שטיל, אַזוי ווי קיינער וואָלט נישט געווען. די בחורים בלייבן זיצן ווי פערגליווערט מיט אַ פראַגע אויף די ליפּן, ווו געפינען מיר זיך? זיי זענען געווען אין דער פערגאַנגענהייט, אין מדבר, זיך מכין געווען צו קבלת התורה און דאָ דערזעען זיי זיך צווישן די ווענט פון דער ישיבה. און אַ נחתדיקער ברוגז איז צעלעגט איבער זייערע פנימער. זיי זענען נישט צופרידן מיטן בעל־תפילה, וואָס האָט מיט איין פּאַטש איבערגעהאַקט ווי מיט אַ שאַרפער האַק זייער פּרעכטיקע אילוזיע פון שטיין נעבן באַרג סיני.

מען דאַוונט מעריב. דער מעריב איז היינט אַן אַנדערער ווי שטענדיק, ער קלינגט אַביסל ימים־נוראים׳דיק, אָבער אָן דער פריידיקן ציטער, וואָס איז פאַראַן אין יענעם מעריב. דער מעריב איז פרומער ווי פון אַ גאַנץ יאָר, אָבער עס הערט זיך אין אים דער „עבדו את ה׳ בשמחה״.

נאָכן מעריב קלייבן זיך אַרום דעם הויפּט־מנגן פון דער ישיבה די זינגער און מען זינגט אויס דעם ישיבהשן טראַדיציאָנעלן „אדון עולם״.

און ווי פון ניגון אַרויס הייבט זיך אָן דער טאַנץ אַרום די בענק, איינציקווייז פלעכטן זיך אַריין הענט אין הענט, אַקסל צו אַקסל. דער טאַנץ הויבט זיך אָן שטיל, שטיל און אַזוי געהט ער פון מדרגה צו מדרגה, ביז ער דערגייט צו זיין העכסטן פונקט, די בחורים געהען אַריין אין טראַנס פון טאַנץ, גופים ווערן צו־נויפגעפלאָכטן, הענט שמידן זיך צו הענט, יעדער ווערט שוין אַ מנגן, אפילו דער וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר מער נישט ווי געקענט דעם פערביינקטן גמרא־ניגון, פילט זיך היימיש מיט די יום־טובדיקע ניגונים, דער טאַנץ ווערט פערוואַנדלט אין אַ גאַלאָפּ שוין נישט פון הונדערטער בחורים, נאָר ווי איין מאַסע מיט איין ריזיקן קול וואָלט אַריין אין העכסטער התלהבות און עקסטאַטיסער בענקשאַפט צו גאָט. דער ניגון רייסט זיך אַרויס דורך די פענסטער צעשפרייט זיך איבער דער שטילקייט פונם שטעדטל. בעלי־בתים, אינמיטן עסן ווערן אָנגעצונדן פון דעם געזאַנג, לעגן אַוועק די לעפל פון די הענט און העלפן אונטער פון וויטן דער ישיבה אין דעם זינגען. און אַזוי ווערט פעראייניקט דאָס גאַנצע שטעדטל מיטן ניגון פון דער ישיבה.

און ווען די בחורים געהען זיך פונאַנדער צום עסן, הערן זיי ווי זייער ניגון ווערט געצויגן ווי אַ זיידענער פאָדים אין יעדן הויז פון שטעדטל.

אין דער ישיבה איז שטיל, נאָר עכאָס פון די ניגונים הילכן אָפּ אין חלל. די שטענדערס ליגן צעוואָרפן, ווי נאָך אַ שלאַכט, אויפן עמוד זענען די ליכט נאָך נישט אויסגעגאַנגען, דאָס פייער שפּרינגט פון די קנויטן, ווי עס וואָלט געוואָלט איצט, ווען די בחורים זענען נישטאָ, אויפהאַלטן דעם טאַנץ אין דער ישיבה. די שטילקייט, וואָס הערשט איצט אין דער ישיבה, איז די שטילקייט פון פאַר אַ שטורם. עס דאַרף נאָך אָנקומען די משמר־נאַכט פאַר דער גאַנצער ישיבה.

שפּעטער אין אָוונט, דאָס קול פון מתמיד פער־קלינגט שוין ווידער דעם חלל. ער איז דער אָנזאָגער, אַז עס דאַרף זיך שוין אָנהויבן די שבועות־נאַכט. בחורים פון די נאָענסטע סטאַנציעס דערהערן זיין קול און איילן זיך צו קומען אין דער ישיבה. ביסלעכווייז קומען אָן די בחורים. פאַרנעמען זייערע ערטער און זעצן זיך לערנען, ווי עס וואָלט איצט נישט געווען שפּעטער אָוונט, נאָר אָנפאַנג טאָג. אַ שמחה׳דיקער שטילקייט רוהט אויפן שטעדטל, נאָר די גמרא ניגונים, וואָס לויפן אַרויס דורך די פענסטער פון דער ישיבה, וועקן די שטילקייט. זיי דערציילן דעם ווינט, אַז עס איז היינט שבועות. און דער ווינט צעטראָגט עס איבערן שטעדטל. אַ ייד וועקט זיך אויף פון שלאָף פערוואונדערט פון די זיסע קולות, וואָס טראָגן זיך אין חלל פון שטעדטל און דערמאַנט זיך, אַז עס איז היינט „שבועות״, ער ווערט מיטגעריסן פון די נעימות׳דיקע ניגונים. טהוט זיך אָן און לויפט אויך אין דער ישיבה.

תחילת טאָג, דער מזרח רייבט די אויגן און אַ בלאַסער שיין דרינגט אַריין אין דער ישיבה צוזאַמען מיט דער שוויטשעריי פון פויגל, אָבער ווער זעט דאָס? אָט כאַפּט מען דעם פאָדים פון אַ שווערן תוספות פון דער סוגית עומר, וועלכע מען לערנט לכבוד שבועות. און אָט גיט ער זיך פלוצלונג, ווי פון האַנט אַ גליטש אַרויס און מיט מער אימפּעט לויפט דער געדאַנק אים כאַפּן. נאָר דער פּאַטש פון בעל־תפילה זאָגט זיי אָן, אַז עס איז שוין טאָג און מען דאַרף געהן דאַוונען.

נאָכן דאַוונען מאַכט מען קידוש אין דער ישיבה. אין די ווינקלען שטעהען גרופּקעס מנגנים און חזר׳ן

אין דעם נייעם ניגון, וואָס דאַרף עפּענען די טענץ. ביסלעכווייז קומען צו צו די גרופּקעס בגילופים׳דיקע בחורים און די גאַנצע ישיבה געהט אַוועק אַ התלהבות׳דיקן טאַנץ און עס דוכט זיך, אַז די ווענט, די שטענדערס, די בענק טאַנצן מיט. זיי האָבן דאָך עפּעס אויך אַ חלק אין דער היינטיקער שמחה. מען טאַנצט ביז מען ווערט שטאַרק מיעד און מיטן נייעם ניגון אויף די ליפּן געהט מען זיך אויסרוהען אין די היימען.

---

# פון אמעריקאנער אוניווערסיטעטן אין די פוילישע ישיבות

אין אַמעריקע הערט מען אָפּט וועגן אומרואיקע יונגעלייט, וואָס הויבן זיך אויף אין א העלן פרימאָרגן און וואַנדערן אַוועק אין דער פרעמד. זיי ווערט צוגעגעסן דאָס לעבן טאָג־איין, טאָג־אויס אין זייער אַלטער היים. זייער יונג בלוט רייסט זיך צו דער ווייטער וועלט, צו אומבאַקאַנטע לאַנדשאַפטן. וווהין פירט זייער וועג? אַ סך ווערן מאַטראָסן אויף שיפן, וואָס פאָרן איבער די ברייטע ימען, אַ סך לאָזן זיך אַוועק צו די ווילדערנישן פון דרום־אַמעריקע, און אזוי ווייטער. צווישן זיי זענען אויך פאַראַן אַסך יידישע יונגעלייט. פאַר דער לעצטער צייט וועט איר אָבער געפינען אַ סך אַמעריקאַנער יידישע יונגעלייט אין אַזעלכע פלעצער, אווו איר וואָלט קיינמאָל נישט גערעכט זיך זיי צו טרעפן, אין די אַלטע יידישע שטעטלעך פון פוילן און ליטע, אָפּגערוקט פון באַנען און גרויסע שטעט, דאָרט ווו יאָרנלאַנג קלינגט נאָך איין מעלאָדיע, די מעלאָדיע פון גמרא־לערנען. — דאָרט וועט איר איצט באַגעגנען יידישע יונגעלייט פון ניו־יאָרק און קליוולאַנד, פּענסילוואניע און קענזעס, פון אַלע טיילן אַמעריקע. ווען איר גייט יעצט אַריין אין די ישיבות פון „מיר”, „סלאבאדקע”, וואָלאָזשין און טעלז, זעט איר ביי הילצערנע שטענדערס און אָפּענע גמרות, צענדליקער „באָיעס”, מיט יאַמעלקעס אויף די קעפּ, וועלכע האָבן זיך געשיידט מיט זייערע באַקוועמע היימען אין אַמעריקע און דורכגעשפּרייזט דעם אַטלאַנטיק, כדי צו לערנען תורה אין די פאַרוואָרפענע שטעטלעך פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס.

אַמעריקאַנער ישיבה־בחורים אין פוילן, אין ליטע, יונגע לערנערס אין די היימישע ישיבות, וואָס האָבן געענדיקט אוניווערסיטעטן, — דאָס איז גאָר אַ נייע זאַך. די יידן אין יענע שטעטלעך קנייטשן מיט די אַקסלען און קענען דאָס ניט פאַרשטיין: זיי האָבן געזען אַמעריקאַנער, וואָס קומען אויף אַ וויזיט צו זייערע קרובים און פאָרן באַלד אַוועק צוריק, אָבער יונגע לעבעדיקע בחורים פון 18 און 20 יאָר, וועלכע האָבן דאָרט ניט קיין פריינט און באַקאַנטע, זאָלן קומען פון פיר טויזנט מייל ווייט און זיך אַוועקזעצן לערנען צוועלף־דרייצן שעה אַ טאָג — אַזוינס איז נאָך ביז איצט ניט געשען.

די גרעסטע קאָלאָניע פון אַמעריקאַנער ישיבה־בחורים געפינט זיך אין דער קליין שטעטעלע „מיר”. די שטעטעלע ליגט אינגאנצן צוואַנציק וויאָרסט פון סאָוועטישן גרענעץ. אָנקומען אַהין, קען מען נאָר מיטן אַוטאָבוס, ווייל די באַן שטעלט זיך אָפּ פופצן וויאָרסט פאַר דעם שטעטל.

אָט אין אַזאַ עק האָבן זיך פאַרקליבן גאַנצע אַכט און פערציק באָיעס פון ניו־יאָרק, ברוקלין, אילינאי, קענזעס, טעקסעס און אַזש פון אַזוי ווייט ווי וויניפּעג אין קאנאדע.

אויב איר מיינט, אז לערנען אין אַזאַ ישיבה איז אַ גרינגער ענין, האָט איר אַ טעות. זיבן אַזייגער אינדערפרי מוז מען שוין זיין אין דער ישיבה גרייט צום דאַוונען און דער לערנען ענדיקט זיך ערשט נאָך צען אַזייגער אין אָוונט. רועז, רוט מען, צו פרישטיק און מיטאָג־צייט און אויפן קורצן שפּאַציר אין דערבייאיקן וועלדל פאַרנאַכט. די גאַנצע איבעריקע צייט איז מען נאָר פאַרקאָכט אין לערנען. דער בחור פון בראַנאָוויטש אַמפּערט זיך מיטן באָי פון ניו־יורק, דער חסיד פון לובלין שאָקלט זיך אינאיינעם מיטן דאקטאר פון הארווארד־אוניווערסיטעט, איבער די אַלטע פאַרשטויבטע גמרא־בלעטער, וועלכע זענען דורכגעמישט געוואָרן פון אַ סך דורות פאַר זיי.

---

*) „פארווערטס” (ניו־יארק), 1922

ווי געזאָגט, די אַמעריקאַנער זענען ס׳רוב קינדער, פון פאַרמעגלעכע עלטערן, חוץ עטלעכע זין פון היגע רבנים. זיי אַלע האָט נישט געפעלט פון שענסטן און בעסטן אין אַמעריקע. קומענדיק אָבער אין „מיר״ — אַן אָרט וואָס איז אַפילו ניטאָ אויף דער לאַנד־קאַרטע — האָבן זיי געמוזט איבעראַנדערשן זייער גאַנץ לעבן. די הייסע וואנע, דער ספּאָרט־פּלאַץ און דער אויטאָמאָביל, דער געפּרעסטער אנצוג און דער טעאַטער, פון דעם ווייסט מען ניט אין מיר.

איז טאַקע די ערשטע צייט געווען שווער פאַר זיי זיך איינצולעבן דאָרטן. דערהויפּט האָבן זיי געליטן פון דעם, וואָס זיי האָבן נישט געפונען קיין ריינע וואַש־צימערן. אַ געוויסער יונגער בחור האָט אַפילו געשריבן אַ בריוול צו זיין מאַמען אין ניו־יאָרק — ניט פון מירער, נאָר פון טעלזער ישיבה — אַז ער האָט די ערשטע דריי טעג ניט געקענט באַפרידיקן זיינע נאַטירלעכע באַדערפענישן, אַזוי פרעמד איז אים געווען יענער שטייגער . . .

אין „מיר״ האָט מען אָבער איינגעזען, אַז די אמעריקאַנער קענען אַזוי ניט לעבן און די ישיבה איז געווען די ערשטע איינצופירן קאַנאַליזאַציע. די געלט אויף דעם איז געקומען פון אמעריקע. אַ פאַרמעגלעכער ייד פון בויפאַלא, וועלכער האָט באַזוכט זיינע זין אין דער ישיבה, האָט געפונען, אַז די סאַניטאַרישע באַדינגונגען זענען זייער הינטערשטעליק, און ער האָט געגעבן אַ העלפט פון דער סומע, וואָס איז נויטיק געווען אויף דער קאַנאַליזאַציע. די צווייטע העלפט איז געגעבן געוואָרן פון „דזשאינט״, און אַזוי אַרום איז די ישיבה די איינציקע געביידע אין שטעטל וואָס איז ריין אויף אַ מאָדערנעם שטייגער.

אַ טשיקאַגער ייד, ווידער, האָט איינגעפירט עלעקטערישע באַלייכטונג אין דער ישיבה, וועלכע פאַרמאָגט יעצט אַן אייגענע דינאַמאָ־מאַשין און זיבעציג עלעקטערישע לאָמפּן. אין עסן האָט מען אָבער קיין שום ענדערונגען ניט געקענט איינפירן און די מירער באַלעבאָסטעס קאָכן פאַר די „אַמעריקאַנצעס״ די זעלבע סאָרט שפּייזן, ווי פאַר די פוילישע ישיבה־לייט; קלאָגן זיך טאַקע עטלעכע היגע ישיבה־בחורים אין בריף צו זייערע עלטערן, אַז מ׳קען דאָרט ניט קריגן קיין אייז־קרעם, און פּאַמעראַנצן זענען ווי גאָלדענע רענדלאַך, און פייגן זעט מען ניט אויף אַ רפואה. די גוטע יידישע מאַמעס דערבאַרעמען זיך אויף זייערע קינדער און שיקן פון דאַנען פעקלעך פּאַמעראַנצן און פייגן קיין מיר פאַר די קינדער אויף פרישטאָג.

אין איין זאַך איז אָבער פאָרגעקומען אַ שטיקל קאַמף צווישן דער אָנפירונג פון דער ישיבה און די אַמעריקאַנער „באָיעס״. דאָס איז געווען וועגן שפּילן פוטבאָל. דער געוועזענער תלמיד האַרוורד־אוניווערסיטעט ווייסט, אַז מען קען לערנען אַלע וויסנשאַפטן און דאָך צווישן איין פּראָפעסאָרס לעקציע און דעם אַנדערנס זיך אַרויס כאַפּן אין אַ סוועטערל און שיסן אַ גומענע פּילקע אין דער לופטן. אין מיר האַלט מען אָבער ניט דערפון. האָט געטראָפן אַזאַ פאַל; אַ פינף—זעקס אַמעריקאַנער האָבן זיך געוואָלט דורכלופטערן פאַרמיטאָג־צייט און זיך אַ נעם געטאָן מיט חשק צו פוטבאָל, טאַקע אין פראָנט פון דער ישיבה.

זייערע פוילישע פריינט און די שטעטלשע בעלי־בתים זענען געשטאַנען פאַרגאַפט. צום ערשטן מאָל האָבן זיי דערזען אַ קאָמבינאַציע פון לומדים און באַל־קנאַקערס.

די אָנפירונג פון דער ישיבה מאָט באַלד געגעבן צוויסן די חברה אמריקאַנער, אַז מען איז „צו וויט פאַרפאָרן״ און נאָך אַ שטילן פּראָטעסט האָט זיך די חברה אונטערגעגעבן.

אַן אויסנאַם ווערט אָבער געמאַכט זומער־צייט, דאַמאָלס פאָרן די ישיבה־בחורים אַוועק אויף די דאַטשעס זיך אָפּרוען אין דערבייאיקע וועלדער, און די אַמעריקאַנער כאַפּן זיך צו מיט אימפּעט צו דער פּילקע, פּונקט ווי אין אַמעריקע.

מענדל טאבאטשניק

# מירער יידישע פאלקס-שול 1936—1917

דוקא אין „דער מיר", וואָס האָט געשמט פאַר אַ מקום תורה, דוקא אין „דער מיר" מיט איר גרויסער וועלט־באַוווסטער ישיבה, מיט אַ ישיבה קטנה, מיט חדרים און תלמוד־תורה׳ס, דוקא אין אונדזער שטעטל האָט דער פּראָגרעסיווער געדאַנק זיך געלאָזט שטאַרקער פילן ווי אין וועלכער ס׳ניט איז אנדער שטעטל פון גאַנצן ארום.

אומפּולסיוו, ניט אָרגאַניזירטערהייט האָט זיך אויס־געפורמעט און אַנטוויקלט אַ פּראָגרעסיווע יוגנט, וואָס האָט זיך אקעגנגעשטעלט און ניט געלאָזט זיך איינשלינגען דורך די אָרטאָדאָקסישע שטרעמונגען. דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס גלייך נאָך דער קערענסקי־רעוואָלוציע, ווען די ערשטע, פרייע פרילינגס-ווינטן האָבן דערגרייכט אונדזער שטעטל, איז גלייך געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע שול, אַ שול ווו מירער יידישע קינדער וועלן באַקומען זייער דערציונג אין דער מוטער־שפּראַך.

מיין זכרון גייט ניט אַזוי ווייט, כדי צו קאָנען אויסרעכענען די נעמען פון דער איניציאַטיוו־גרופּע פון דער שול. איך ווייס נאָר, אַז ווען איך בין צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט, איז די שול געווען שוין אין פולן גאַנג: מען האָט געלערנט יידיש — לייענען און שרייבן, העברעיש — לייענען און שרייבן, רוסיש און אריפמעטיק.

די ערשטע לערער, אויב איך האָב קיין טעות ניט, זענען געווען: רבקה מארגאלין און רבקה זונדלעוויטש — העברעיש, סאָניע הורוויטש (קלעצק) — יידיש און סאָניע כארלאַפּ (ניעסוויעזש) — רוסיש און אריפמעטיק.

די שול האָט ניט געטראָגן קיין פּאַרטיי־כאַראַקטער. אין קאָמיטעט זענען געווען פארטראָטן אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען פון יענער צייט. עס איז געווען קאָן מען זאָגן, אַ מיידל־שול, ווייל יינגלעך האָט מען נאָך דער נייער שול ניט אָנגעטרויט און מען האָט זיי געשיקט אין דער תלמוד תורה.

די צילן פון דער שול זיינען געווען איינפאַכע: געבן עלעמענטאַרע ידיעות אונדזערע מיידלעך, וועלכע האָבן ביז דעמלט געלערנט ביי „מלכה די שרייבערקע אן אפאר".

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען דאָס גאַנצע לעבן און דענקען האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די פריי־הייט־באַוועגונגען, האָט די שול גענומען פּראָקלאַמירן אירע נייע טענדענצן. אויסצולערנען אַ קינד אָנשרייבן אַ בריוול צו דער באבען — איז שוין ניט גענוג געווען.

די פירער פון דער שול האָבן זיך גענומען באַקענען מיט די לעצטע פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אונדזער שטעטל האָבן לערער און פירער דערזען און דערקענט דאָס יידישע קינד.

אונדזער ציל: צוגרייטן דאָס קינד צום לעבן, אויספורעמען פון קינד דעם צוקונפטיקן ייד און מענטש. און טאַטע־מאַמעס האָבן גענומען באַמערקן עפּעס גאָר נייע ענדערונגען אין דער דערציונג פון זייערע קינדער. מען איז פאַרחידושט געוואָרן: ווי קומט עס? זיי האָבן דערזען קינדער לויפן מיט חשק און פרייד אין שול אַריין. עס האָבן פאַרהילכט קינ־דערישע שטימעלעך מיט יידישע געזאַנגען און עס זענען פול געוואָרן יידישע הייזער מיט קינדישע פרייד.

עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָנטאַקט פון שול און היים, פון לערער און עלטערן. קינדער האָבן דערפילט אינם לערער אַ געטרייען, איבערגעגעבענעם, עלטערן חבר. מער דרייסטערע טאַטעס האָבן דעם ערשטן שריט געמאַכט און אָנגעהויבן שיקן זייערע יינגלעך. אין דעם דערציונג־סיסטעם פון דער עיר התורה איז אַ רע־וואָלוציע אויסגעבראָכן.

דער בירגער־קריג האָט זיך פאַרענדיקט. אונדזער שטעטל איז לויטן שלום־אָפּמאַך איבערגעגעבן געוואָרן צו פוילן.

די צענטראלע יידישע שול ארגאניזאציע אין פוילן האָט שוין עקזיסטירט און האָט אויסגעבויט אַ נעץ

פון יידישע שולן. נאָך קורצע אונטערהאַנדלונגען האָט אונדזער שול אויסגעהאַלטן דעם עקזאמען און מיר זענען אפילירט געוואָרן צו דער צ.י.ש.א. אין וואַרשע.

אַ נייע עפּאָכע הויבט זיך אָן אין אונדזער שול. מיר הויבן אָן צו באַקומען פינאַנסיעלע אונטער־שטיצונג פון וואַרשע, דערפאַר אָבער מוזן מיר זיך אונטערוואַרפן די אָנווייזונגען פון דער צ.י.ש.א.

צו אונדזערע לאקאלע לערער קומען צו לערער געשיקטע פון דער צ.י.ש.א. עס וואַקסט די צאָל קינדער. די שול ווערט אַ 6־קלאַסישע, עס באַטייליקן זיך די פאָלגענדע לערער: בערטא דמשק (יעצט די פרוי פון ד״ר פאגעלמאן, מיטארבעטער פון „פאָרווערטס“, ניו־יאָרק), אייזיק דמשק, סאָניע גילימאָווסקי און איר ברודער, לייזער כלוצקי און זיין פרוי סאניע, מאניע און סאניע זאבלודאווסקי, בערניקער, בערל פיקוס, א. אנד. דער שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט פארוואלטעט מיט דער שול, איז אויך געווען לערער פון געזאנג און גימנאסטיק.

די שול האָט פּראָגרעסירט פון טאָג צו טאָג. זי איז געוואָרן מיט דער צייט אַזוי פּאָפּולער אין שטעטל, אַז די איינציקע תלמוד תורה אונטער דער אויפזיכט פון אונדזער רב ז״ל איז אויף אַ געוויסער צייט צו־געמאַכט געוואָרן. די יידישע פאָלקס־שול האָט צוגעצויגן אַלע יינגלעך פון תלמוד־תורה.

עס איז געוואָרן אַ טומל אין שטעטל, מ׳האָט ניט געלאָזט לייענען שבת, מ׳האָט געמאַכט אסיפות, ביז מ׳האָט אויסגעשריבן אַ פארוואלטער פון ווארשע, אַ מענטש מיט פעדאגאגישע פעיקייטן און די תלמוד־תורה איז ווידער געעפנט געוואָרן.

דאָס איז געווען דער גרעסטער טריאומף פאַר אונדז פירער פון דער פאָלקס־שול. מיר האָבן געוווּנען דעם קאַמף פאַרן יידישן קינד. דעם גרעסטן טייל קינדער אין שולעלטער האָבן מיר געהאַט אונטער אונדזער אויפזיכט. אומדירעקט האָבן מיר אויך באַ־איינפלוסט די תלמוד־תורה, וו עס האָבן שוין געהערשט מער צוגענגלעכע פעדאגאגישע באַדינגונגען.

די פוילישע רעאַקציאנערע מאַכט צו יענער צייט האָט דערזען אין דעם יידישן שול־וועזן אין פוילן אַן אינסטיטוציע מיט פּראָגרעסיווע אידעען און האָט זיך גענומען שרעקן פאַר איר. די רעזולטאַטן פון דער „הבה נתחכמה“־פּאָליטיק זענען געווען דיסקרימינא־ציעס; מען האָט גענומען פאַרפאָלגן דאָס גאַנצע יידישע שול־וועזן אין פוילן, מען האָט גענומען רעקווירירן שול־לאקאלן. מען האָט זיך גענומען מישן אין דעם לערן־פּראָגראַם. יעדע שול האָט געמוזט האָבן אַ פוילישן פאַרוואַלטער (קיעראווניק) און יעדער לערער האָט געמוזט אָפּגעבן אן עקזאמען אין פויליש.

מען האָט גענומען גאָכשפּירן יעדן לערער, אויף וויפל ער איז כשר מיט זיין פערזענלעכער אויפפירונג. די לאַגע איז געוואָרן ענג און אומדערטרעגלעך, אָבער די טוער האָבן די הענט ניט אַראָפּגעלאָזן. וואָס שטאַרקער דער דרוק פון דער מאַכט איז געוואָקסן, אַלץ אינטענסיווער האָט געאַרבעט די שול־פאַרוואַלטונג און דער פעדאַגאָגישער ראַט. מיר, די לערער, האָבן געטראָגן אויף זיך די אחריות און מיר האָבן אָפּגע־שלאָגן אַלע אַטאַקעס וואָס זענען געפאלן אויף אונדז, סיי פון דרויסן און סיי פון אינעווייניק.

עס איז אונדז אויסגעקומען צו פירן אַ שטענדיקן קאַמף מיט דער פוילישער מאַכט און מיט דער יידישער רעאקציע פון שטעטל, אָבער דער זיג איז געווען אויף אונדזער זייט.

אונדזער שול איז געוואָרן איינע פון די וויכ־טיקסטע אינסטיטוציעס אין שטעטל און עס האָבן זיך גערעכנט מיט איר, ניט נאָר די יידישע באַ־פעלקערונג, נאָר אויך די פוילישע שול־מאַכט. די פוילישע לערער האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט אונדזער שול, מיט אונדזער פעדאַגאָגישן סיסטעם און פון צייט צו צייט פלעגן פאָרשטייער פון דער פוילישער שול קומען באַזוכן אונדזערע לעקציעס און אַוועקגיין באַגייסטערטע פון אונדזערע דערגרייכונגען.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאָלגנדן וויכטיקן עפּיזאָד וואָס איז פאָרגעקומען אין אונדזער שטעטל אינם יאָר 1924.

ווי געזאָגט, זענען טאַקע די לערער פון דער פוילישער שול געווען באַגייסטערט פון אונדזערע דער־גרייכונגען, אין דער זעלבער צייט אָבער, זענען זיי געווען פאַרביסענע אַנטיסעמיטן און גרויסע שונאים פון אונדזער שול.

אין יאָר 1924 זענען פאָרגעקומען שול פייערונגען איבערן גאַנצן לאַנד. אונדזער שטעטל איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ צונויפקום. פונקט פאַר די שול־פייע־רונגען אין אונדזער געגנט. דער צונויפקום האָט געזאָלט

פאַרקומען אין וואַלד און יעדע פוילישע שול האָט גע־
דאַרפט אנטייל נעמען מיט אַן עפענטלעכן אַרויסטריט.
די פוילישע שולן האָבן געפיבערט חדשים׳ווייז:
מען האָט זיך געגרייט פאַר די הויכע געסט, באאמטע
פון דער רעגירונג, גלחים א. אנד. און דאָ איז דעם
פאַרוואַלטער פון דער פוילישער שול אײַנגעפאַלן צו
דיסקרעדיטירן אונדזער יידישע פאָלק־שול. קיינעם
פון אונדז איז נישט אײַנגעפאַלן, אַז צו די אויבנ־
דערמאַנטע פייערונגען וועט מען אײַנלאַדן אונדזער



תזמורת כלי־נשיפה של מכבי־אש / אַרקעסטער פון די פײַער לעשער.

יידישער שול, אָבער 3 טעג בעפאַר די פייערונגען,
האָבן מיר באַקומען אַן אָפיציעלע אײַנלאַדונג פון דער
שול־מאַכט. דאָס איז געטאָן געוואָרן בייזוויליק, מיר
זאָלן קיין מעגלעכקייט ניט האָבן זיך צוצוגרייטן.
אויף דעם שרייבער פון די שורות איז געפאַלן
דער גורל צו באַהערשן די סיטואַציע. איך האָב אָפּ־
געקליבן די קלענסטע 16 קינדער — אַלע 6—7 יאָריקע,
און איך האָב אײַנגעשטודירט מיט זיי גימנאַסטישע
נומערן, שפּילן מיט געזאַנג, אונטער די קלאַנגען פון
אונדזער מירער אַרקעסטער (צאַלקע דער קלעזמער
מיט זײַן קאַפּעליע, זאָלן אַלע רוען אין גן־עדן), זיי
זענען געשטאַנען צו מײַן דינסט טאָג און נאַכט, און
אין דער געהעריקער צייט זענען מיר גרייט געווען.
און אָט איז דער טאָג פון פייערונג:

עס ציט זיך אַ פּראָצעסיע קינדער פון פאַרשיידענע
פוילישע שולן צום וואַלד, אונטער די קלאַנגען פון
מוזיק. עס גייען הינטער די קינדער דאָס גאַנצע
שטעטל. אין וואַלד. מען פאַרנעמט פּלעצער. דער
צערמאָניע מייסטער עפנט דעם יום־טוב. אַ צווייטע,

געצילטע פייל שיסט אין דער יידישער שול. מיר ווערן אַרויסגערופן די ערשטע אויף דער פּראָגראַם. די אויס־רעכענונג איז געווען פשוט: דער ערשטער דורכפאַל אין דעם פּראָגראַם, כדי די יידן זאָלן בלייבן פאַרשעמט. איך בין גרייט. אַ פּייף. 16 יידישע קינדערלעך פון 6 יאָריקער גרויס רינגלען מיך אַרום, עס איז שטיל. הונדערטער מענטשן דערוואַרטן דאס ווייטערדיקע, הונדערטער יידישע הערצער זיפצן מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס.

אַ ווונק, און אין וואַלד הילכן אָפּ זיסע, יידישע קינדערשע מעלאָדיעס. און ווי דורך אַ צויבער־שטע־קעלע בויגן אויך יידישע קינדערלעך פאַרשיידענע גימ־נאסטישע פיגורן מיט זייערע גופימלעך.

קינדערשע שטימעלעך מישן זיך אויס אין אקארד מיט מוזיק, אויספירנדיק דערביי פאַרשיידענע שפּילן.

נאָך 30 מינוטן שטילקייט און אנגעשטרענגקייט, האָבן קליין און גרויס אויסגעבראָכן מיט דונערדיקע אַפּלאַדיסמענטן. דער וואַלד האָט נאָך אַזוינס ניט געהערט. די איבריקע נומערן פון דער פּראָגראַם, אויס־געפירט דורך די פּוילישע שולן, האָט שוין אויסגעזען אומגעלומפּערט און חלשותדיק. און אַזוי האָבן די פּוילישע שול־פירער צוגעגרייט אָן עפּעטלעכן דער־פאָלג פאַר דער יידישער שול און אַ 100 פּראָצענטיקן דורכפאַל פאַר די עכטע פּוילישע שולן.

קיין פּריזן פאַרטיילונגען, ווי מען האָט פאָרויס־געזאָגט, איז שוין ניט פאָרגעקומען, וויל די אָנפירער פון דעם יום טוב, האָבן קעגן זייער ווילן געמוזט באַשטימען דעם ערשטן פּריז פאַר דער יידישער שול, און דאָס האָבן זיי ביי זיך ניט געקענט פּועלן.

פינאַנסיעל איז די שול שטענדיק געווען הינטער־שטעליק. אויסער דעם וואָס דער שכר לימוד איז געווען אַ נישטיקער, האָט אַ גרויסער טייל קינדער געלערנט אומזיסט. אויך די שטיצע פון דער צ.י.ש.א. איז געווען קליין און מיר זענען שטענדיק געשטאַנען צו דינסט דער פאָלקס־שול פלעגן די לערער דאָן אַרבעטן פאַר אַ הונגער לוין. גאַנץ אָפט ניט דערעסן, אין צעריסענע שיך, די ביליקסטע קליידער, אָבער מען איז געשטאַנען אויפן פּאָסטן, מען האָט געאַרבעט מיט מסירות נפש און עס איז קיין רייד ניט געווען וועגן צוריקציען זיך.

אונדזער שול איז געווען פאַררעכנט ביי דער צ.י.ש.א. אין וואַרשע אַלס איינע פון אירע מוסטער שולן, און די אינסטרוקטאָרן, וועלכע פלעגן אָפט אַרי־בערקומען פון וואַרשע, פלעגן אונדזער שול פאַרלאָזן באַגייסטערטע.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פּוילן איז אָבער געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. גראַבסקיס שטייערן האָבן פולשטענדיק רואינירט די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון מיטלשטאַנד, ווי אויך פון דעם בעל מלאכה. מען האָט גענומען לויפן פון פּוילן, וווהין נאָר עס האָט זיך געלאָזט: קיין ארץ ישראל, קיין דרום אמעריקע, קיין אַפריקע. און ווען דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געזעגנט מיט אונדזער שטעטל אין אָנהויב 1927 איז די שול געוואָרן געשלאָסן.

די מירער יוגנט, וועלכע זענען געווען אַ פּראָדוקט פון אונדזער שול, אונדזערע אביטורענטן זיי, די דער־צויגענע און אויפגעהאָדעוועטע אין דער פאָלקס־שול האָבן ניט גערוט. זיי האָבן ניט געקענט פּועלן ביי זיך, אַז אונדזערע קינדער זאָלן וואַקסן אָן אַ וועלטלעכע דערציונג און עפּענען צוריק די שול איז געוואָרן זייער געבאָט.

אָבער ווו זיי האָבן זיך אַ קער געטאָן האָבן זיי אָנגעטראָפן שוועריקייטן. דער געוועזענער שול־לאָקאַל איז שוין געווען אקופּירט. די שול מעבל האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט. דער פּאַסיקער לאָקאַל פאַר עפּענען די שול איז געווען די געביידע פון דעם געוועזענעם שפּיטאָל, אָבער די געביידע האָט געהערט צו קהל און אונדזערע מנהיגים, זיך פרייענדיק וואָס די שול איז פאַרמאַכט, האָבן אין קיין פאַל ניט דערלאָזן אַז דער לאָקאַל זאָל פאַרנומען ווערן מיט דער יידישער פאָלקס־שול.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף. ביידע צדדים האָבן זיך צום באַדויערן, באַנוצט מיט די ערגסטע מיטלען. די געוועזענע שילער פון דער יידישער פאָלקס־שול האָבן געפירט דעם קאַמף מיט די פירער פון דער ישיבה און תלמוד־תורה, ביז איז איין פינסטערער נאַכט האָבן אונדזער יוגנט, באַזעצט דעם לאָקאַל מיט געוואַלד.

מען האָט אויף פורן און אויף פּלייצעס, אינמיטן דער נאַכט, איבערגעפירט די שול־בענק און שול

מכשירים. די בענק האָבן געדינט פאַר בעטן צו שלאָפן ביינאכט און פאַר לערן־בענק בייטאָג. די שול איז מיט כח צוריק געעפנט געוואָרן און די ליכטיקע זון האָט ווידער אויפגעשיינט פאַר אונדזערע קינדערלעך.

ביזן אויסברוך פון דער מלחמה איז די שול ביי אונדזער יאָהאַנעסבורגער מירער סאסייטי געווען אויפן ערשטן אָרט פון אונטערשטיצונג.

מיטן אונטערגאַנג פון אונדזער שטעטל, זענען אויך אונדזערע יונגיטשקע „בלימלעך״ מערדערלעך צעטראָטן געוואָרן.

באַמערקונג: מען האָט געלערנט אין שול יידישע געשיכטע, תנ״ך אין פאָרם פון „ספורי המקרא״ און עברית.

---

# „אונזער קינדער וועלט״ *)

## די געשיכטע פון אונזער זשורנאל

עטלעכע שילער פון אונזער שול האבן אנגעשריבן אייניקע שאפונגען. זיי האבן עס געוויזן די לערער. די לערער זיינען געווען זייער צופרידן און האבן זיי געהייסן שרייבן וואס מער. און אז עס וועלן זיך אָנ־קלייבן מער שאפונגען, וועט מען ארויסגעבן א קינדער־זשורנאל. די קינדער זיינען געווען צופרידן, וואס זייערע שאפונגען וועלן ניט פארפאלן ווערן. אין א וואך ארום איז פארגעקומען א פארזאמלונג פון די קינדער און מען האט באשטימט ארויסצוגעבן א קינדער־זשורנאל מיטן נאמען „יונגע צוויגעלעך״. מ׳האט אויסגעקליבן א רעדאקציע פון זעקס קינדער אין זיי האבן צונויפ־געקליבן די קינדער־שאפונגען. דעם זשורנאל אבער האט מען ניט ארויסגעגעבן, ווייל צוויי לערער זיינען אוועק געפארען אין אמעריקע, און די עלטערע קלאסן האבן אויפגעהערט צו לערנען.

צום נייעם לערן־יאר זיינען אנגעקומען נייע לערער און די צוויי עלטערע קלאסן האבן זיך צוריק געעפנט. די קינדער האבן גלייך אנגעהויבן רעדן וועגן זשורנאל און באַשטימט צו דער עפענונג פון נייעם שול־יאר ארויסגעבן דעם ערשטן נומער. אויף דער פייערלעכער עפענונג האבען די קינדער, וועמענס שאפונגען עס זיינען אריין אין ערשטן נומער, פארגעלייענט עס פאר אלעמען פון די שטיקלעך פאפיר, ווי זיי האבן עס געבראכט אנגעשריבן.

איצט גיבען מיר אים ארויס א פארטיקן אונטער נאמען „אונזער קינדער־וועלט״.

די רעדאקציע

### ווי אזוי איך האב א טויב געכאפט

איינמאל אין א יאריד איז צו אונדז געקומען צו פארן א פויער נעמען דעם טאטן אף ארבייט. איך בין ארויס באטראכטן זיין פערד און דערביי ארויס רייסן א פאר סטרונעס פון עק. דער פויער איז ארויסגעגאנגען פון שטוב און בא מיר געפרעגט, אווו איז דא א שמיד. איך האב אים געזאגט אביסל אויף מיין שפראך און אביסל אויף זיין שפראך, אז ביי דער בריק לעבן טייך. איך האב זיך געזעצט אין וואגן; דער פויער האט גענומען די לייצעס און מיר זיינען אעווק געפארן צום שמיד. געקומען צום שמיד בין איך ארויס געשפרונגען פון וואגן, און דער פויער איז אריין אין קוזניע. אין דער צייט האב איך דערזען אויפן שמידס דאך שטייען זעקס טויבן, איך האב שנעל אויף געהויבן א שטיין און א ווארף געטאן אויף זיי, פינף טויבן זיינען אוועק געפלויגן רעכטס און איינע אויף לינקס. זי האט זיך געדרייט אין דער הויך, צום סוף האט זי זיך אראפ געלאזן אף א קליין פויעריש שטיבל. איך האב אנגעקליבן שטיינער און געווארפן אף איר, נאר זי האט זיך גערירט, אין זיך דעם כתב־יד מיטגענ׳מען און אזוי איז ער ניצל געווארן. פון די עטלעכע צענדליג זייטן נעמען מיר ארויס אייניקע פראגמענטן.

---

*) דעם מאטעריאל פון צייטשריפט (עטלעכע נומערן) שיין איבערגעשריבען האבן די קינדער צוגעטראגן א מתנה דער לערערין רייזקע ליבער ביים פארלאזן מיר. די לערערין האט מיט

דער מיטן האב איך דערזען א יינגל, איך האב אים צוגערופן און דערציילט די גאנצע מעשה און געבעטן, ער זאל אכטונג געבן צי פון שטוב וועט קיינער ניט ארויס גיין, וועל איך ארויף קריכן אויפן דאך, ער האט איינגעשטימט, נאר ווי איך האב גענומען ארויפקריכן אויפן דאך, האט ער א געשריי געטאן: „דער פויער גייט!", איך בין גלייך אראפגעשפרונגען פון דאך, ערשט האט ער מיר אפגענארט, די טיר איז געווען פארשלאסן. ניט לאנג געטראכט, בין איך ארויפגעקראכן אויפן דאך, געכאפט די טויב און אוועקגעלאפן מיט גרויס פרייד אהיים.

**מ. קאמינער**

## דער פרילינג

זייט פריילעך, קינדער,
ס׳איז אוועק שוין דער ווינטער,
און קומען וועט באלד
דער שיינער ליכטיקער פרילינג.

די פעלדער וועלן בליען,
פויגלען וועלן פליען,
קינדער וועלן טאַנצן,
בלומען וועלן זיי פלאנצן

און פרילינג וועט ווערן
אויף גאָטס שיינער וועלט,
פארגעסן וועט ווערן
די ביטערע קעלט.

א. שמוקלער (3־טער קלאס)

## דער פרילינג

ווען עס קומט דער פרילינג, הויבט אן די זון צו ווארעמען פון דער הויך; פאלן אויף דער ערד הייסע שטראלן. עס צעגייט דער אייז, די טייכלעך הייבן אן זשומען, פון דער ערד הייבן אן שפראצן גרינינקע גרעז־זעלעך, די בוימער הייבן אן בליען. די פויערים הייבן אן ארבייטן אויף זייערע פעלדער. די חיות קריכן ארויס פון זייערע נאָרעס; די מענשען טוען אויס זייערע ווינ־טערדיקע קליידער און טוען אָן די זומערדיקע זאכן. די פייגעלאך קומען צו פליען פון די ווארימע לענדער סטאדעס־ווייז און בויען זייערע נעסטן, זינגענדיק זייערע פרילינגס־לידער, און ס׳קומט אויף אלעמען א נייע לעבן.

חיה יאסעלעוויטש (3־טער קלאס)

## פויגל־פריי

פייגעלע, איך לאז דיר פריי,
לויף זשע צום נייעם מאי.
לויף ארויס פון שטייג
און פלי פון צווייג צו צווייג.

לויף אויף דער פרייער וועלט,
פריי זיין — איז א גוטע זאך,
לויף פון לאנד צו לאנד
און ווער מיט אלעמען באקאנט.

לויף־זשע גיכער, ניט געזאָמט,
האלט די אויגן ניט צוגעמאכט
לויף אַין ווער ניט מיד
זינגען פאר אלעמען דיין שיינע ליד.

רחל קאמינער (4־טער קלאס)

## מאטעלע און קאטעלע

געווען א קליינער יינגעלע,
מען האט אים גערופען מאָטעלע.
געהאט האט ער א קעצעלע
מיטן נאמען קאָטעלע.

מאָטעלע עסט קאשקעלע,
לויפט צו אים זיין קעצעלע:
„גיב מיר אויך א שטיקעלע
מיין געטרייער מאָטעלע".

מאָטעלע דער זאטינקער
האט ליב געהאט זיין קעצעלע.
קאָטעלע דער גוטינקער
דערלאנגט זיין קליינע טעצעלע.

(צוזאמען געשריבן פון 1־טן קלאס).

מענדל טאבאטשניק

# מירער יידישער דראמאטישער קרייז

מיין געבוירן־שטעטל קלעצק האָב איך פאַרלאָזן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד פון 13 יאָר. קנאַפּע 4 יאָר האָב איך אַרומגעוואַנדערט אין פאַרשיידענע שטעטלעך פון מינסקער גובערניע. געלערנט אין סלוצק, פאַרבראַכט אין קאַפּוליע, אין טימקאָוויטש, אין לע־כעוויטש, אין ניעסוויזש, ביז דער גורל האָט מיך אין 1913 געבראַכט אין „דער מיר".

דאָס שטעטל מיר האָט מיך גלייך פאַרכאַפּט מיט איר אייגנאַרטיקייט, עפּעס גאָר אַן אַנדער יידיש שטעטל, וועלכעס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר איידלקייט, דעמאָקראַטישקייט און פריינדלעכקייט. אין „דער מיר" האָט זיך ניט אָנגעזען דער אונטערשיד צווישן דעם אינטעליגענט און בעל־מלאכה, צווישן למדן און עם־הארץ, צווישן אָרעם און רייך.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע יידישע שטעטלעך פון מינסקער גובערניע האָט „דער מיר" געמאַכט דעם איינדרוק פון איין צוזאַמענגעלעבטער יידישער משפחה.

איך דערמאָן זיך מיין ערשטן שבת־פרי אין שטעטל:

טאַטעס האָבן אָנגעפילט די בתי־מדרשים. יונג־וואַרג האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אויפן ווינקל פון קאַמינעצקיס מויער. אויסגעפּוצט שבתדיק האָט מען זיך געטיילט מיט די איינדרוקן און געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך.

אין געזעמל האָט מען ריכטיק געקענט מערקן און אָפּשאַצן די דעמאָקראַטיע ביי דער מירער יוגנט:

אָט האָבן פּאָלעמיזירט שייקע ר' אברהמס מיט זשאַמע יעקב־מאיר דעם לייוונטהענדלערס זון וועגן ציוניזם, בונדיזם.

אָט שטייט יוסף לייב בערס מיט נאָך אייניקע סופרים סת"ם מיט דוד און חעזקע סלאָנימסקיס און מען ראנגלט זיך כלומרשט.

אָט שטייען אַ פּאָר שניידער־יונגען, דוד דאנציג און אברהם מאיר מאנטא, האָבן אַריינגעכאַפּט „הירשל כזית" אויסגעפּוצט אין זיין אינזשיניערן אוניפאָרם, מיט מעשענע קנעפּ, אין אַ קאַלאַשקע מיט אַ קאָקאַרדע, וואָס אין אַן אַנדער שטעטל וואָלט מען פאַר אים דאָס היטל אַראָפּגענומען, אָבער דאָ מאַכן גאָר די בעלי־מלאכה'ס חוזק פון אים מיט זיינע מעשענע קנעפּ.

קומענדיק פון אַנדערע שטעטלעך, ווו אַ כינעזישע וואַנט האָט אָפּגעטיילט דעם בעל־מלאכה פון לײדיק־גייער, ווו דער מכלומרשטער אינטעליגענט האָט שטענדיק געקוקט פון אויבן אַראָפּ, אָפּטמאָל מיט



החוג הדרמטי, 1928

**שורה 1.** י' מירנקר, ר. פוגורלסקי, ש. רזניק, ש. סטולביצקי. **שורה 2.** א. מטושבסקי, מ. פוגורלסקי, מ. פוזניק, נ. א. קגן, צ. פקר. **שורה 3.** ח. הרכבי, ר. קמינר, ז. אברניק, פ. קופליביץ, מ. קמינר, ג. זבלוצקי.

ביטול צום בעלי מלאכה, האָט דאָס חברישע צוזאַמענ־לעבן פון דער יוגנט אין מיר געמאַכט אַן אויסער־געוויינלעכן איינדרוק, און גאָר גיך בין איך געוואָרן חבר מיט די בעלי־מלאכות, מיט די אינטעליגענטן און אַזוי בין איך שוין פאַרבליבן אַ מירער.

אין יענער צייט האָב איך שוין געפונען אין „דער מיר" אַ ליבהאָבער דראַמאַטישע סעקציע, אָבער זי

איז ניט געווען אָרגאַניזירט. מען פלעגט זיך צוזאַמענ־נעמען און פון צייט צו צייט געשפּילט „אַ ספּעקטאַקל“.

איך האָב אָנגעבאָטן מיין מיטאַרבעט און אינגיכן בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ פּראָבע פון יעקב גאָרדינס „דער אומבאַקאַנטער“.

מיט דער רעזשי האָט דאַן אָנגעפירט שייקע ר׳ אברהמס, און שוין ביי דער ערשטער פּראָבע האָב איך באַמערקט, אַז ליבהאָבער־כוחות זענען דאָ גאַנץ באַ־דייטנדיקע, אָבער עס האָט להלוטין געפעלט רעזשי.

שייקע ר׳ אברהמס איז טאַקע געווען דער גרויסער און באַוואוסטזיניקער קולטור־מענטש, אַן אַקטיוער ציוניסט, אָבער רעזשיסערישע־פעיקייטן האָבן אים געפעלט, און דעריבער האָט מיך די פּראָבע אַנטוישט.

צו יענער צייט האָב איך שוין געהאַט אַ טעאַטער סטאַזש. איך בין שוין געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר עטלעכע הויפּט־ראָלן, אפילו פאַר איי‌ניקע אויפפירונגען, און דעריבער האָט עס טאַקע לאַנג ניט גענומען, ביז




מירער דראמאטישער קרייז

שורה 1. מ. פיגורלסקי, ח. הרכבי, ש. סטולוריצקי, מיראנקער, מ. פוזניק, צ. פקר, ז. אבאראניק. **שורה 2.** ר. פוגורלסקי, מ. קאמינאר, פ. קופילעוויטש, נ. א. הרקאווי, מאטושעוסקי, ג. זאבלוצקי. **שורה 3.** ר. קאמינאר, ש. רזניק.

אַלע ליבהאָבער האָבן מיך איינשטימיק אָנערקענט פאַר זייער רעזשיסאָר און אָנפירער.

אין מיין פריערדיקער פּראַקטיק האָב איך מיט ליבהאָבער שטענדיק געהאַט גרויסע אומאָנגענעמלעכ־קייטן: די שטענדיקע „ליבהאָבער חולאת“, ווען יעדער באַטראַכט זיך אַלס „שטערן“, די חלוקה ביי די ראָלן, האָט אין פיל פאַלן צעבראָכן דראַם־סעקציעס אין אַלע שטעטלעך, וווּ איך בין געווען און מיטגעאַרבעט מיט די דראַם־קרייזן, זענען די פאַרשטעלונגען געווען צופעליקע. איז מ׳ען דורכגעקומען מיט די ראָלן, האָט מען אָפּגעשפּילט דעם ספּעקטאַקל. דאָס זעלבע פלעגט פּאַרקומען ביים אויסוואַל פון אַ פּיעסע: האָט די פּיעסע זיך צוגעפּאַסט צו די ליבהאָבער, אויב די ליבהאָבער האָבן אין דער פּיעסע געפונען פּאַסיקע ראָלן, האָט זי שוין ניט געדאַרפט פאַרמאָגן קיין אינהאַלט אָדער האָבן אַ ליטעראַרישן ווערט — מען האָט זי שוין געשפּילט. אויב אָבער, חלילה, די פּיעסע איז געווען

אַ גוטע, אָבער די ראָלן זענען די ליבהאָבער ניט געפעלן געוואָרן, האָט מען אַזאַ פּיעסע פאַרוואָרפן.

גאָר אַן אַנדערע אַטמאָספער האָב איך גלייך אין אָנפאַנג פון מיין אַרבעט געפונען אין דעם מירער דראַם־קרייז. אַן אַטמאָספער, אַ חברישע און פריינטלעכע, און איך האָב גלייך דערפילט, אַז די דראַם־סעקציע וועט דערפילן איר טעאטראַלן, קינסטלערישן חוב צו באַדינען ניט נאָר דאָס שטעטל מיר נאָך אויך די געגנט אַרום.

איך וועל פרובירן, אויף וויפל מיין זכרון וועט מיר דינען, געבן דעם צוזאַמענשטעל פון דער ערשטער אָרגאַניזירטער דראַם־סעקציע אין מיר:

שייקע ר' אברהמ'ס (טיקטינסקי) — קולטור־רעלער בעל יועץ. דאלקע — (מיירים דעם אדוואָ־קאַטס) און איר שוועסטער גאָלדע,ביירך שולקעס, בנימין גאלדין (פאָטאָגראַף), גוטקע גילמאַוסקי, נעכע גרשון דעם שמש טאָכטער, הירשל לעווין, יוסף לייב־בערס (מאַזורעוויטש) און אנד. וואָס איך קען זיך ניט דערמאנען, דאָס זענען געווען בעל־הבתישע קינדער; זייער צוגאַנג איז טאַקע געווען אַן ערנסטער, אָבער וועגן דער קינסטלערישער זייט פון דער אַרבעט האָט מען ניט געטראַכט.

מיין אויפגאַבע איז געווען צו רעאָרגאַניזירן די סעקציע, אַריינפירן טעאַטערן שפּיל, דראַמאַטיזירן דעם אינהאַלט, ברענגען אויף דער סצענע לעבן, אַקציע, ניט קיין פאַרלעזונגען.

צו דעם האָט זיך געפאָדערט אַן איידעלער צוגאַנג צום ענין, טאַקט, געדולד און אויסדויער. און מיר האָט זיך עס איינגעגעבן, נאָר אַ דאַנק דער אַנדערשקייט פון די מירער.

איך האָט זיך נעענטער באַקענט מיט דער יוגנט, זיך געחברט מיט אַלעמען, געהאַלטן אָפן ז'י אויגן זוכנדיק טאַלאַנטן. איינציקווייז האָב איך זיי אָפּגע־קליבן און זיי צוגעצויגן צום יידישן טעאַטער.

די פריער דערמאַנטע ליבהאָבער האָבן מיט פאַרשטענדעניש איבערגעגעבן זייערע פּאָזיציעס צו די נייע, טאַלאַנטפולע כחות. שטיל, בהדרגה'דיק און אָן ווידערשטאַנד איז פאַרגעקומען די רעוואָלוציע אינם דראַם־קרייז.

די נייע אַריינגעקומענע מיטגלידער זענען באַש־טאַנען פון ח"ח: רייזל יאסעלעוויטש (יעקב מאיר'ס), רבקה מארגאלין (ליס), איטקע ראַקאָוויטש (העשלס), אברהם־מאיר מאנטא, דוד דאנציג, חיים פּארטנוי; און שפּעטער: אַלטע סאלוצקי, שפרה סינדער, שאשע פּארטנוי, אשר פראטאס, בן־ציון חיימאוויטש, בערקע גאראדייסקי, יעקב פּאזניאק, חייקע פּאזניאק, חייקע בעלסקי (איצט דאנציג) און אנדערע.

אונזער דראַמאַטישער קרייז האָט ניט געהאַט קיין געשריבענע רעגולאַמינען, קיין אויסגעאַרבעטע פּראטאקאלירטע געזעצן; עס האָט אָבער געהערשט אַ חברישע דיסציפּלין. יעדער מיטגליד האָט געוווסט און געפילט זיין פאַראַנטווערטלעכקייט.

אָט האָט יוסף־לייב בערס געשפּילט אַ הויפּט־ראָל, אָבער ווען מען האָט אים געדאַרפט צו דער צווייטער פּיעסע אַלס סטאַטיסט, איז ניט געווען קיין אָפּזאָג. און אַזוי דוד דאנציג, און אַזוי אברהם מאיר און אַזוי אַלע איבעריקע.

איך מוז פאַרצייכענען איניקע עפּיזאָדן:

1) מיר שפּילן „חאסיע די יתומה" פון י. גארדין. איטקע ראַקאָוויטש שפּילט קאראלינע. אינמיטן 3־טן אַקט דאַרף זי אַראָפּ פון דער סצענע און גלייך אויפ־טרעטן צוריק אַן איבערגעטאָנענע צו אַ באַל. איך הייס איר אָנטאָן די באַל קלייד אונטן, אַזוי אַז ביים אַראָפּגיין פון סצענע זאָל זי אַראָפּ נעמען דאָס אויבערשטע קלייד און גלייך צוריק אויפטרעטן אין באַל־קלייד.

געטאָן האָט זי עס, אָבער דערזעענדיק איר פיגור, האָט זי חרטה געהאַט, און דער עולם האָט געדאַרפט וואַרטן אויף איר אויפטריט. דערפאַר איז זי אַרויף אויף דער סצענע מיט רויטע צעפּאַטשטע באַקן. זי האָט אָבער ניט פאַרגעסן אַראָפּ קומענדיק פון דער סצענע אויסצובורעכן אין אַ געוויין, אָבער דער גאַנצער אנסאַנבל האָט מיר געגעבן גערעכט.

2) אונדזער פרימאַדאָנע רייזל יעקב־מאיר'ס האָט געמוזט, אַקעגן איר ווילן, שפּילן „די מאַמע" אין „אינטעליגענט" פון פרץ הירשביין. געוויינט איז זי שטענדיק געווען אַרויסצוטרעטן אין גרים מיט רויטע אָנגעפּאַרבטע בעקלעך, און איצט גאָר, אַ פּאַרוק מיט קנייטשן אויפן פּנים. פאַרן אויפטריט, ווען זי האָט זיך גוט באַטראַכט אין שפּיגל, האָט זי זיך צעוויינט: זי גייט ניט אויף דער סצענע.

נאָך אַ קורצער אָבער שטרענגער לעקציע, האָט זי געשפּילט בעסער ווי אַלעמאָל.

די מירער דראַם־סעקציע איז געוואָרן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין שטעטל. דער עולם טעאַטערגייער האָט גענומען זיך באַציען צו אונדז ליבהאָבער ווי צו קינסטלער און די יוגנטלעכע האָבן געחלומט אַריינ־צוטרעטן אין דראַם־קרייז. מיר האָבן שטענדיק זיך באַמיט אויסצופירן פיינערע, בעסערע פּיעסן. אין אונדזער רעפּערטואַר זענען אַריין: פּרץ הירשביין, שלום אַש, שלום עליכם, ל. קאָברין, י. גאָרדין און אַנדערע.

כאָטש מיר האָבן געשפּילט אין דער געביידע פון די פייער־לעשער, וווּ עס איז געווען צונויפגעקלאַפּט אַ בינע, וווּ די דעקאָראַציעס זענען געמאַכט געוואָרן אַליין־הענטיק, וווּ נאַפט־לאָמפּן האָבן געגעבן באַלייכטונג, וווּ די פאָרהאַנג האָט מען געדאַרפט שלעפּן מיט שטריק, האָבן מיר דאָך באַוויזן צו שאַפן זיך אַ נאָמען ניט נאָר אין אונדזער שטעטל, נאָר אין דעם גאַנצן ווייטן אַרום.

דער מירער דראַם־קרייז פלעגט פון צייט צו צייט גאַסטראָלירן אין די נאָענטע שכנישע שטעטלעך. שפּעטער צו, ווען די ראַטן־מאַכט אין רוסלאַנד האָט



החוג הדרמטי, 1919 בהצגת „חסיה היתומה" / דער דראמאטישער קרייז אין די פיעסע „כאסיע די יתומה", 1919

מניה שורץ, שפרה דוד דנציג, מ. טבצניק, יעקב פוזניק, אלטה סלוצקה, א. מאיר מנטה,

? שמואל קוליק, י. מאזורעוויטש, אשר פרוסט.

**משחק בהנהלת : מ. טבצניק :** יוסף מזורביץ, א. מאיר מנטה, יעקב פוזניק, מ. טבצניק, שפרה

דוד דנציג, אלטה סלוצקי, מניה שורץ.

פראקלאמירט אירע קולטור־אויפגאַבן, איז דער מירער דראַם־קרייז דורך דער רעגירונג אפיציעל מאביליזירט געוואָרן צו באַדינען די סלוצקער און נאָוואָגרודקער איז־עזדן מיט יידיש טעאטער. אַזוי אַרום זענען מיר דערקלערט געוואָרן אַלס „סאָלדאַטן־טרופע" מיט פולע רעגירונגס רעכט. דאָס איז געווען דער ערשטער און איינציקער פאַל אין אונדזער געגענט, אַז א יידישע ליבהאָבער־סעקציע זאָל באַקומען דעם נאָמען: „יידישע דראַמאַטישע טרופע ביי דער 16־טער ארמיי".

מיר שפּילן יידיש טעאטער אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג. מיר שפּילן אין גאראדייע מיט אַרטיסט באריטאנאוו, וועלכער איז צופעליק מיט זיין טרופע דורכגעפאָרן ניעסוויזש.

דער בירגער־קריג איז אָנגעגאַנגען; דער שונא האָט אָנגעגריפן. די 16־טע אַרמיי איז אין אומאָרדנונג אָפּגעטראָטן. מיר האָבן באַקומען אינסטרוקציעס זיך צוריק ציען טיפער אין רוסלאַנד, נאר מיר האָבן זיך בעסער צוריקגעצויגן צו אונדזער שטעטל מיר. מיר האָבן איבערגעוואָרט די איבערקערענישן פון די פאַרשיידענע מאַכטן און ווען עס איז ווידער רואיקער געוואָרן, האָבן מיר, די אַלטע סאָלדאַטן, זיך ווידער גענומען צום טעאַטער.



דער ליבהאבער דראמאטישער־קרייז, 1910

**שטייען פון רעכטס:** שלמה זשוק, שרה אסנת, אלפרוביץ, יוסף מזורביץ, מרים שפר (גולדברג).

**זיצן:** אליקים מילצנזון, ? שרהביילקע לוין (כצנלנסון), הירש לוין, ? נחמן שבשי, ?

גרויס דערפאלג. מיר קומען קיין ניעסוויזש. מיר טריזמפירן מיט לעאן קאברינס „דער דאָרפס־יונג". דער טעאטער איז געפּאַקט. עס זענען געקומען אַ סך קלעצקער צו באַגריסן זייער לאַנדסמאַן, דעם רעזשי־סאָר פון דער טרופּע. נאָכן שפּילן אנשטאט באנקעטן — רעדעס. עס זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס ד"ר פּאָגעלמאַן (איצט געהילפס־רעדאַקטאָר פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס"), ה' זיידערמאַן — קולטור־פאַרוואלטער פון דער 16־טער ארמיי, דער באַוווסטער

שלעכטע צייטן אָנגעקומען. די פּוילישע גראבסקי־רעגירונג האָט געדריקט, געשטיקט דעם יידישן קרע־מער, דעם יידישן בעל־מלאכה, אויסגעצויגן דעם לעצטן טראָפּן בלוט פון די יידישע מאַסן, אָבער יידיש טעאַטער איז דורך אונדז געשפּילט געוואָרן און יידן מיט פאַרזאָרגטע פּנימער האָבן געפונען אַ גייסטיקן אָפּרו אין יידישן טעאַטער.

דורך דער צייט זענען מיר רייפער געוואָרן. מיר האָבן געלערנט וועגן די נייע שטרעמונגען אין

טעאטער, מיר האָבן געלערנט פון לאַנגיעריקער פּראַקטיק, מיר האָבן זיך פאַרטיפט אין דער טעאַטער־קונסט, מיר האָבן זיך באַצויגן צו יעדער פאַרשטעלונג מיט יראת־הכבוד, און איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די אויפריכטיקע, מונטערדיקע ווערטער פון דעם יידישן רעזשיסאר, דוד הערמאַן, ביי אונדזער באַגעגעניש:

„איך האָב דורכגערייזט מיט מיין סטודיע גאַנץ פוילן. דערנענטערנדיק זיך צו די קרעסן, הונדערטער מיילן ווייט פון אייער שטעטל, האָב איך שוין געהערט לויבנדיקע אָפּקלאַנגען פון אייך און אייער דראַם־סעקציע, און מיט אַ ציטער אין האַרצן האָב איך געגאַרט נאָך אונדזער באַגעגעניש. געבענטשט זאָלן זיין די הענט וואָס איך דריק...״

צו אונדזער דראַם־קרייז האָט זיך צוגעקלעפּט אַ יונגער יינגל, אַן אביטוריענט פון דער יידישער פאָלקס־שול. ער האָט אונדז געדינט אַלס שיק־יינגל, אויסצופירן פאַרשיידענע טעכנישע אַרבעטן, צייטנווייז סופלירן. צום סוף האָט ער זיך שוין דערשלאָגן צו זיין אַ סטאַטיסט ביי אונדז: נחום אליהו קאַגאַן. ווען איך האָב פאַרלאָזן אונדזער שטעטל אין 1927, האָט ער צו מיין גרויסער איבעראַשונג איבערגענומען מיין פּלאַץ אלס רעזשיסאר. און לויט די גרוסן, וואָס איך האָב שפּעטער באַקומען, האָט דער „תלמיד איבערגעשטיגן דעם רבין״.

ער איז געפאַלן אין די פּאַרטיזאַנער. כבוד זיין אַנדענק.

**שמחה רעזניק**

# מענדל טאבאטשניק

מירער פון יעצטיקן דור, וואס האבן געלעבט אין דער מיר ביזן יאר 1930, אדער ביז מענדלס אפפאר קיין דרום אפריקע, איז זיך שווער פארצושטעלן, ווי וואלט



מענדל טאבאטשניק

געווען אויסגעזען דאס געזעלשאפטלעך לעבן, ווי אויך זייער פערזענלעך לעבן אָן מענדלס ביי‌זיין און טעטיקייט אין דער מיר.

מענדלס טעטיקייט אויפן געביט פון קולטור און דערציונג אין דער מיר איז געווען באקאנט דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. אמת, פאר א געוויסער טייל ניט צום גוטן, נעמליך פאר דעם טייל, וואס האט פיינט פרייהייט פון געדאנק.

געבוירן אין קלעצק, געלערנט אין חדרים ביז 14 יאר, אוועק שפעטער לערנען אין סלוצקער ישיבה. דארט אין דער פרעמד „הציץ ונפגע״. נאך טיפע אינערלעכע קאמפן פארלאזט די ישיבה און זיך גענומען צו פרייער בילדונג אבער אָן מעגלעכקייטן זיך אויסצוהאלטן. אנגעהויבן צו ארבעטן, געווארן א מאָלער, א גוטער פאכמאן. אין יאר 1913 איז ער ערשינען אין דער מיר, און האט זיך באלד איינגעוואקסן אין דער מירער יוגנט. ביים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה 1914 האט ער זיך ווידער גענומען צום לערנען. דאן האט ער חתונה געהאט מיט פייגל גינזבורג. אין יאר 1917 שטייט מענדל בראש פון די גרינדער פון דער מירער יידישער פאלקס־שול, דאס זענען געווען סטודענטן וואס האבן געלערנט אין די רוסישע אוניווערזיטעט־צענטערס, און די מלחמה האט זיי צוריק געבראכט אהיים. מענדל איז געווארן א לערער אין דער שול אונטער דער לייטונג פון דער באוווסטער פעדאגאגין אין יענער צייט, די פירערין

פון דער פועלי־ציון פארטיי אין דער מיר, א געבוירענע אין נעסוויזש, בערטא דמשק.

שפעטער איז מענדל געפארן קיין ווארשע אויף לערער־קורסן פון ציש״א, און געענדיקט מיט אויסצייכענונג. מענדל ווערט דער פארוואלטער פון דער שול ביז זיין אָפּפאָר קיין אפריקע.

ווער עס איז געווען א שילער אין פאלק־שול, קען מיט ווערטער ניט איבערגעבן מענדלס ליבשאפט און איבערגעגעבנקייט צו די קינדער, און פון די קינדער צו אים.

אלס לערער פון יידישער ליטעראטור, פלעגט ער דערציילן און פארלייענען מעשהלעך און דערציילונגען פון די יידישע קלאסיקער, מיט נאציאנאלע און סאציאלע מאטיוון, דערמיט איינגעפלאנצט ליבשאפט צו דער סביבה, ליבשאפט צו ארבעט און ארבעטער. מענדל איז א געוויסע תקופה געווען א בונדיסט. אבער מיט זיין הייס יידיש נאציאנאל הארץ און נאטירלעכן דראנג צו גערעכטיקייט האט ער אויפגעוועקט פאר די קינדער און יוגנט די ציוניסטישע וועלט־אידייע.

אלס לערער פאר מוזיק, איז ער א באגאבטער מוזיקער, האט ער מיט זיינע פאלקס־לידער וואס ער האט געלערנט די קינדער געוועקט ליבע צום פאלק און זיין טראדיציע. אט איז א טייל פון זיי:

גרויסער גאט מיר זינגען לידער
אונזער הילף ביסטו אליין.
קלייבט צונויף די גארבן, ברידער,
ווייל די זון וועט אונטערגיין.

אדער דאס ליד:

דער פויער בא זיין אקער,
דער פאסטוך בא זיין פי,
יעדן איז ליב זיין מי,
ווייל פאסטוכער אליין זענען דאך געווען
אונזערע אבות פון אייביק אָן.

אדער דאס פאלקס־ליד

דער דאזיקער בעכער ער איז אזוי שיין,
איך האב אים א ירושה פון זיידן אליין.
ס'איז געווען שלעכטע צייטן, ווי עס
טרעפט זיך אמאל,
נאר דעם בעכער האב איך געהאלטן
אונטער אייזן און שטאל.

אדער דאס סימבאלישע ליד „דער פאראָם״

און אלע מענטשן ווינטשן זיך און בענטשן.
זיי זאלן גליקלעך אריבער דעם טייך.
אונזער לעבן איז דער פאראָם
די וועלט איז אונזער תהום,
ברידער דאס מיינט מען אייך.

דער פאליטישער ציוניזם, און זיינע פארווירקלעכער פועלי־ציון און פרייהייט, החלוץ און החלוץ הצעיר, האט געפונען פאר זיין זריעה א צעאקערט פעלד, וואס מענדל טאבאטשניק האט צעאקערט.

ווען מענדל איז געווען לייטער פון שול, איז א קינד קיינמאל ניט ארויסגעשיקט געווארן פו'ן שול פאר נישט באצאלן שכר־לימוד, און שלעכטע צייטן פאר מירער יידן האבן ניט געפעלט, און דער פינאנסיעלער יאָך אויף אויסהאלטן דעם אנסאמבל לערער, לאקאל, און מכשירים, אָן רעגירונגס־שטיצע, אָן שטיצע פון דער יידישער קהלה, איז געפאלן אויף מענדלס פלייצעס.

מענדל אלס רעזשיסאר פון יידישן ליבהאָבער־קרייז האט אויסגעפירט מיט זיינע חברים, פיעסן פון ערשט־ראנגיקן ליטערארישן ווערט, פון יידישע קלאסיקער און אלגעמיינער ליטעראטור, מיט גרויס דערפאלג, און אלץ לטובת דער יידישער פאלקס־שול, ווי אויך לטובת דער שטאט־ביבליאטעק. פון דער פריסטער יוגנט האט מענדל געשפילט אונטער דער רעזשי פון באוווסטן יידישן אקטיאָר אין יענער צייט, ברין.

נאָך דער רוסישער אקטאבער רעוואלוציע, ווען די באלשעוויקעס קומען צו דער מאכט, זענען די מירער ליבהאבער־טרופע מאביליזירט געווארן און דער 16־טער ארמיי, כדי צו באדינען קולטורעל די סלוצקער און נאוואגרודיקער קרייזן מיט יידישע פארשטעלונגען. און נאטירלעך מענדל שטייט בראש פון אט דער מירער טרופע. אגב, דעריבער זענען זיי אויך געווען באפרייט פון צו זיין פראנט קעמפער. שפעטער טרעפט מענדל דעם באוווסטן רעזשיסאר דוד הערמאן מיט זיין באוווסטער ווילנער טרופע, און לערנט פון אים א סך.

חוץ דעם איז מענדל דער גרינדער פון דער ספארט־ארגאניזאציע „מכבי״, בראש פון וועלכן עס שטייט ד״ר סקווירסקי, מענדל שטייט בראש פון די אינסטרוקטארן פון די ספארט איבונגען.

אבער דער מיר האט ניט קיין יסודות פאר יידישער

קולטור־ארבעט, און מענדל מוז עמיגרירן. ער פארלאנגט פון דער מירער אלגעמיינער ציוניסטישער ארגאניזאציע א סערטיפיקאט אויף עולה זיין קיין ארץ־ישראל, אבער מען זאגט אים אפ. דאן עמיגרירט ער קיין אפריקע. אין יאהניסבורג פארנעמט זיך אויך מענדל מיט שפילן יידיש טעאטער, ער רעזשיסירט אויך אליין די ליבהאבער קרייזן. מענדל פירט אויך אן מיט דער יידישער פאלקס־שול אין יאהאניסבורג. ער ווערט אונטערנעמער פון הייזער־בוי, אבער גלייכצייטיק פארנעמט ער זיך מיט ליטעראריש טעטיקייט, לייענט לעקציעס, טרעט ארויס מיט קאנצערטן פון ווארט און געזאנג. א מיטארבעטער און פארשידענע צייטונגען און זשורנאלן אין דרום־אפריקע.

מענדל טאבאטשניק האט צוויי מאל באזוכט ישראל, און איז באגייסטערט פון זיין אויפבוי און אנטוויקלונג.

כה לחי!

**מאניע שווארץ** (מרים סלוצקי)

# ערינערונגען פון אמאל

נישט אין מיין געבורט־שטעטל "מיר", האב איך דורגעמאכט דעם שרעקלעכן היטלער־גיהנום, דעם שטורם וואס האט אויסגעראטן יידישע גרויסע שטעט און קליינע שטעטלעך, אויסגעווארצלט אן רחמנות און נישט געלאזט קיין לעבעדיקן שפור; בלויז גרויסע, גרויסע ברידער־קברים.



מרים סלוצקי

איך פארמאך די אויגן און זע זי ווידער, די הילצערנע הייזלעך, די ריינע שמאלע גאסן און געסלעך. דאס גאנצע שטעטל איז איינגעהילט אין גרינס, עס איז פרילינג. איך שפיר דעם ריח פון סירעז און בליעדיקע עפל־און בארן־בוימער. פון די פענסטער, פון דער גרויסער וועלט־באריםטער מירער ישיבה, טראגט זיך איבערן גאנצן שטעטל א טרויערדיקער גמרא־ניגון, יידישע קינדערלעך שפילן זיך אין דער יידישער פאלקס־שול.

די שול און אונזער רייכע ביבליאטעק, דאס איז איז געווען אונדזער שטאלץ. שבת, אין א הייסן זומער־טאג, די גאנצע יוגנט איז אין אין וואלד, און די שטעטעלע דרעמלט נעבן טייכל, וועלכע האט זיך נאנט צו איר צוגעטולעט. די הייזער, די בוימער, די מענשן, אלץ שלאפט. יידן רוען נאך דער שווערער וואך־ארבעט, דאגות און זארגן.

א פאר שעה שפעטער זיצט מען שוין אויף די גאניקעס, מען כאפט אביסל פרישע לופט. מען שמועסט פון פאליטיק, פון געשעפטן, מען שאצט פרעמדע פארמעגנס, אדער מ'וויצלט זיך און מען דערציילט מעשיות פון אמאליקע גוטע צייטן, געהערט פון די טאטעס־זיידעס. די ווייבער רעדן זיך דורך איבער שכנותדיקע גאניקעס מ'רעדט, מ'בארעדט.

די יוגנט איז נאך אלץ אין וואלד. דער וואלד הילכט, רוישט, ער איז פול מיט יונגער פרייד, געלעכטער און געזאנג. די קינדערשע קלינגענדיקע שטימעלעך טראגן זיך פון אלע זייטן, זיי שפילן זיך אויף דער פאליאניע, פלושקען זיך אין טייכל, קלעטערן אויף די בוימער, ווארפן זיך שישקעס, לאכן און וויינען.

אפילו די הונדערטער ישיבה־בחורים, פיין אייראפעיש געקליידעט, זענען אין זומער־פארנאכטן אין

וואַלד. זיי גייען גרופן־ווייז, זיי זוכן אויס פאַרוואָר־פּענע וועגן און סטעזקעס, כדי צו זיין ווייטער פון דער פרייער זינדיקער יוגנט. זיי רעדן פון גמרא, פלפלען זיך און... וואַרפן פאַרבאָר־גענע הייסע בליקן אויף די פאַרבייגענדיקע מיידלעך.

דער וואַלד, דער ליבלינג פון דער מירער יוגנט, רוישט און קלינגט. ווי גוט איז געווען צו ליגן אויף דעם הויכן גראָז, אַרומגערינגלט מיט די שמעקנדיקע סאסנעס, קוקן אויפן בלויען הימל און טרוימען פון דער גרויסער ווייטער וועלט.

און אָט איז גאָר אַ קאַלטער, פּראָסטיקער, אָבער זונענדיקער ווינטער־טאָג. די גאַנצע שטעטל באַקומט אַ בעזונדערן חן, איז פריש, ווייס, ריין, ווי אַ יונגע כלה. ווונדערבאַר איז דער אַלטער שלאָס, נעבן שטעטל, דער שלאָס פון מיטלאַלטער. ער שטייט ווי פער־כישופט, אַרומגערינגלט מיט אַלטע הונדערטיעריקע דעמבעס, איינגעהילט אין ווייסן, בלישטשעט ווי באַצירט מיט אייכל־שטיינער. אפשר איז דאָס טאקע דער פערכישופטער שלאָס פון די מעשהלע, אין וועלכן עס שלאָפט די יונגע כאַרכישופטע פרינצעסין?

נישט אַלע באַמערקן די שיינקייט פון דער ווינטער־נאַטור. עס פרירן די קרעמער נעבן די קליינע אָפענע קלייטלעך, זיי קלאַפּן מיט די פיס, רייבן מיט די הענט די צוגעפרוירענע באַקן און נעזער, און קוקן אויס אַ קונה צו לייזן אַ פּאָר גראָשן, ס'זאָל זיין כדאי דאָס פרירן. די קרעמערקעס זיצן איינגע־דרייט אין וואַרעמע שאַלן, טיכער און טיכלעך, וואַרעמען די הענט אויף די פייערטעפּ, קרעכצן אויף דעם שווערן לעבן און וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן אָוונט. גוט אויסצוואַרעמען די פאַרקילטע, פאַרגלי־ווערטע גלידער נעבן הייסן אויוון. נאָר די קינדער־לעך האָבן נישט קיין זאָרגן און פילן ניט קיין קעלט. זיי מאַכן גרויסע שניי־מענטשן, וואַרפן זיך מיט שניעזקעס, שפּילן אין אַ מלחמה. די יידישע שוואַרצע אייגעלעך בלישטשען, די בעקעלעך פלאַמען, די נעזע־לעך זענען פייכט און רויט, אָבער ס'איז גוט...

זיי פילן גאָרנישט, ווי דער שוואַרצער שטן דער־נענטערט זיך צו זיי; זיי ווייסן גאָרנישט, אַז ערגעץ ווייט, ווייט, גיסן זיך אויס אמתע קוילן, שאַרפן זיך שווערדן, כדי צוצונעמען זייערע יונגע לעבנס, זייערע אומשולדיקע נשמהלעך. קינדערלעך, פאַר־וואָס? פאַר וועלכע זינד?

און אָט איז טאַקע געקומען די ווילדע חיה, אָפּגע־מעקט אַלץ, אָפּגעווישט פון דער וועלט. אויס יידישע שטעטל, אויס פאַרכישופט איז דער אַלטער שלאָס; אין אַ געטאָ האָבן די מערדער אים פערוואַנדלט. ער איז געוואָרן אַ שטומער עדות פון שרעקלעכע מענטש־לעכע ליידן, אַ שטומער עדות פון די לעצטע שווי־דערלעכע וואָכן, טעג, שעהן פון מירער אומגליק־לעכע יידן.


קבוצת „השומר הצעיר" במיר

מענדל טאַבאַטשניק

# טיפּן און געשטאַלטן

## רייזל יעקב מאירס (יאסעלעוויטש)

רייזלען איז כדאי צו שטעלן אַ מצבה פאַר איר וווּנדערבאַרער קינסטלערישער אַרבעט אין דעם מירער דראַמאַטישן קרייז.

די מוטער פונם ידישן טעטער, אסתר־רחל קאַמינסקי, איז אַרויסגעהויבן און באַוווּסט געוואָרן איבער דער גאַרער וועלט, ערשטנס צוליב איר גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט און צווייטנס, צוליב דער אומגעבונג, דער סביבה אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. די גרויסע שטאָט מיט דער אַרומיקער סביבה האָט איר צוגעטוליעט, אויף די הענט אויסגעטראָגן, אויסגעכאַוועט, ביז זי האָט דערגרייכט צו דער מדרגה צו ווערן די מוטער פון ידישן טעאַטער.

ווער קען זאָגן וואָס פון דער באַשיידענער רייזלען וואָלט געוואָרן, ווען זי וואָלט זיך אויך געפונען אין אַזאַ גרויס־שטאָטישער סביבה, אין דער וואַרעמער געזעלשאַפט פון אַקטיאָרן און קינסטלער? ווייל איינס איז קלאָר, אַז קינסטלערישן טאַלאַנט האָט רייזל געוויס פאַרמאָגט, און אין אַ גרויסער מאָס.

ווי אַזוי רייזל איז אַריינגעקומען אין דער דראַמאַטישער סעקציע, געדענק איך ניט קלאָר, אָבער איך געדענק דעם קינסטלערישן פאַרגעניגן וואָס זי האָט פאַרשאַפט מיט איר שפּילן. און נאָך ביים היינטיקן טאָג קלינגען אין מיינע אויערן איר שטימע מיטן גאָלדענעם קלאַנג, איר פאַרשטענדעניש אין איבערגעבן אַ כאַראַקטער, צי דאָס איז געווען פון אַ יונג מיידל ווי כאַסיע די יתומה, צי דאָס איז געווען די שיקסע אין „אונדזער גלויבן" צי דאָס איז געווען נאַטאַשע אין „דאָרפס יונג" (פון ל. קאָברין), אָדער אַ טיפּ פון אַן אַלטער, צעבראָכענער, קראַנקער פרוי, מיט דער פאַרשמאַלצענער פאַטשיילע אויפן קאָפּ, ווי די מוטער פון „אינטעליגענט" פון פרץ הירשביין.

אויף דער העכסטער קינסטלערישער הייך האָט זי דערגרייכט אין איר ראָל פון „מירעלע אפרת".

איך האָב געזען און האָב שטודירט אסתר רחל קאַמינסקי אין איר קרוין ראָל „מירעלע אפרת" און איך מוז זאָגן, אַז רייזל האָט נאָכקאָפּירט מיט יעדן דעטאַל, מיט אַלע באַוועגונגען אסתר־רחלען, ניט זעענדיק איר שפּילן. נאָך מער חן האָט איר צוגעגעבן דער גאָלדענער קלאַנג פון איר שטים ווי אויך איר שיינע דיקציע.

ווי ערנסט, ווי איבערגעגעבן און ווי רואיק זי האָט אויפגענומען יעדע ראָל וואָס עס איז איר געגעבן געוואָרן. ווי ערנסט זי פלעגט זיך פאַרטיפן און איבערגעבן דעם כאַראַקטער פון דער ראָל. עס איז פּשוט געווען אַ נחת־רוח מיטצושפּילן מיט איר. מיט איר אָנוועזנהייט אויף דער בינע האָט זי מאַגנעטיש באַווירקט סיי אירע מיטשפּילער, סיי דעם שטענדיקן עולם — אירע פאַרערער.

אין קליינעם שטעטל איז, צום באַדויערן, פאַרלאָרן געגאַנגען אַזאַ טאַלאַנט. דאָס ידישע טעאַטער וואָלט אין אַנדערע גינסטיקערע באַדינגונגען פאַרמאָגט אַ צווייטע אסתר־רחל קאַמינסקי.

כבוד איר אנדענק!

## זשאַמע יאסעלעוויטש

וועגן זשאַמע יאסעלעוויטש האָב איך זייער אַסך געהערט. זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן מיט גרויס רעספּעקט און יראת הכבוד צווישן אַלע טיילן פון דער מירער יוגנט ווי אויך פון עלטערע.

אָבער עס איז געווען אַן אונטערשייד אין דעם אופן ווי אַזוי דער עלטערער דור, און איבערהויפּט די ציוניסטן פון שטעטל האָבן זיך צו אים באַצויגן: — אויב צווישן די אַרבעטער און לינקערע עלעמענטן

אין „דער מיר“ איז זשאמע יאסעלעוויטש געווען פאַרגעטערט, האָבן די ציוניסטישע עלעמענטן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי האָבן אים געאַכטעט פאַר זיין אינטעליגענץ און וויסן, געזען און געפילט אין דער פערזענלעכקייט פון זשאמע יאסעלעוויטש אַ שטאַרקן באַוווסטזיניקן קעגנער.

זשאמע יאָסעלעוויטש האָט מערסטנטייל ניט געלעבט אין זיין געבוירן שטעטל „מיר“. אים איז ענג געווען אין דעם קליינעם שטעטל. ער האָט דאָרט ניט געהאַט זיין פאַסיקע סביבה, ווו ער זאָל זיך קענען אויסלעבן, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך באַווייזן אין שטעטל. צי ער פלעגט זיך פאַרבענקען נאָך זיינע אידייאישע תלמידים, צי נאָך זיין משפחה, וועלכע איז געווען אַ פאַרצווייגטע אין „דער מיר“ און באַקאַנט אונטערן נאָמען „די לייוונט־הענדלער“ ? און זיינע וויזיטן פלעגן אַרויסרופן אַ יום־טובדיקע סענסאַציע.

איך געדענק איין אַזאַ וויזיט, איידער איך האָב אים דערקענט: „זשאמע יאסעלעוויטש קומט, אַזוי האָט זיין טאַטע געזאָגט“!

מיט אויסערגעוויינטלעכער שנעלקייט האָט זיך די נייעס צעטראָגן צווישן דער פּראָגרעסיווער יוגנט. די טעמע ביי קאמינעצקיס מויער יענעם שבת פרי איז געווען זשאמעס קומען.

דער ערשטער איינדרוק נאָכן באַקענען זיך מיטן חבר זשאמען, האָט אַריבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. דעם אינטעלעקט האָט מען גלייך דערקענט אין זיין פנים, אָבער אַ מירער אינטעליגנט — אַן עניו, אַזוי פיל פשטות! קיין סימן פון גרויסווירדיקייט. זיין שטיל ריידן, זיין שמייכל האָט ממש באַצויבערט.

חבר זשאמע אינטערעסירט זיך מיט אַלע סאָציאַלע און קולטורעלע פּראָבלעמען פון דער מירער אַרבעטערשאַפט, פון דער מירער אָרעמקייט. מען האַלט אָפּ זיצונגען. זשאמעס אָנוועזנהייט באַגייסטערט, עס איז אַ יום־טובדיקע שטימונג, עס איז יום־טובדיק אויפן האַרצן. אַלע קוקן אַרויף צום חבר זשאמע, צו הערן זיין וואָרט, זיין מיינונג, צו פאַרצייכענען זיינע אָנווייזונגען און צו לערנען פון זיין וויסן און דערפאַרונג.

דער מיטינג וואָס עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין בית־מדרש, ווו זשאמע יאסעלעוויטש איז אויפגעטראָטן, אויף דער טעמע (אויב איך האָב קיין טעות ניט) „יידישע פּראָבלעמען אין ליכט פון וועלטלעכע געשעענישן“ איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

ניט נאָר זענען אים געקומען הערן די מער פּראָגרעסיווערע עלעלמענטן, נאָר שטעטלדיקע באלעבאטישע יידן, וועלכע האָבן אים געקענט, זענען אים געקומען הערן.

זשאמע יאסעלעוויטש איז געווען אַ גלעצענדער רעדנער. כאָטש זיין שפּראַך און אַרט ריידן איז ניט געווען אַזוי לייכט צוגענגלעך פאַר די מאַסן, ווייל זשאמע איז ניט געווען קיין מאסן־רעדנער, קיין פּראָפּאָגאַנדיסט, דערפאַר איז זיין ריידן שטענדיק געווען באַלערנדיק.

איבערהויפּט האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין דעבאַטן און אין ענטפערן אויף פראַגן. ער איז אָבער קיינמאָל ניט באַפאַלן זיין אפּאנענט, אָבער מיט זיין אייגנארטיקן שמייכל, מיט זיינע לאָגישע ארגומענטן, פאָרוואַפנדיק זיין קעגנער מיט פסוקים פון תלמוד, תנ״ך, האָט ער מערסטנטייל איבערצייגט זיין קעגנער.

דער קליינשטעטלדיקער, מירער, זשאמע יאסעלעוויטש האָט געשפילט אַ באַדייטנדיקע ראָל צווישן די אַרבעטער־רייען פון די גרעסערע צענטערן ווי מינסק און אַנדערע שטעט.

כבוד זיין אנדענק!

## יוסף מאזורעוויטש (לייב בערס)

מען דערוויסט זיך, אַז איך בין אַן אַקטיאָר, אַ ליבּאָבער רעזשיסאר. מען פירט מיך זיך באַקענען מיט יוסף לייב בערס.

עס איז אַ קאַלטע ווינטער נאַכט, 8 אָוונט. מיר קומען אַריין צו יוסף לייב בערס אין הויז. אין אַ חדר מיוחד, ביי דער שיין פון אַ קעראָסין־לאָמפּ, זיצט אַ הויכער יונגערמאַן, — אָנגעטאָן שפּאקולן, אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, — איבער אַ יריעה פּאַרמעט און שרייבט אַ ספר תורה.

מיר באַקענען זיך. יוסף הויבט אויף זיין מאָסיוון קערפּער, נעמט אַראָפּ די יאַרמולקע, בלייבט בגילוי ראש, בלאָזט אויס דעם לאָמפּ און מיר גייען. וווהין ?

צו ראכע בנימין אליהוס. יוסף פון רעכטס, דוד סלאָ־נימסקי פון לינקס, איך אַ קליינינקער אינמיטן צווישן ריזן.

אויפן טיש שטייט שוין אַ פלעשל מיטן רויטן בלעטל, אַלעבל פרישינקע ברויט און אַ געבראָטענע גאַנדז. „איך טרינק ניט", בעט איך זיך ביי זיי, „אויף מיין לעבן ניט פאַרזוכט, איך וועל שיכור ווערן". אַ שלעכטן איינדרוק איבערגעלאָזט אויף יוסף לייב בערס ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש.

מען שמועסט, מען רעדט וועגן אַ קומענדיקע פאָר־שטעלונג און אין מיין מוח פלאָנטערן זיך געדאַנקען: וואָס קומט דאָ פאָר? דוד סלאָנימסקי, אַ שטאָטישער אינטעליגענט, אַ רייכער זינדל — און יוסף לייב בערס — אַ פשוטער אַרבעטער, היינט די מלאכה וואָס אַזאַ איינער האָט אויסגעקליבן! דאָס גאַנצע געצייג פון אָט אַ דעם גידול — איז אַ קליינע גענדזענע פעדער.

איך דערמאָן זיך אין מיין געבוירן שטעטל קלעצק. אונדזער שכן — דער איינציקער סופר אין שטעטל — אַ ייד אַן אויסגעמאָגערטער, קליין און שוואַך, איינגע־בויגן, מיט זייער לאַנגע פאות וואָס האָבן זיך אַראָפּ־געקייקלט פון אונטער זיין יאַרמולקע, וועלכע איז ביי־דעקט געווען מיט אַ היטל. זעלטן ווען דער סופר האָט זיך באַוויזן אין גאַס. מיט יראת הכבוד פלעגן מיר, יינגלעך, אים אָפּטרעטן דעם וועג. און דאָ, יוסף לייב בערס, אויך אַ סופר, וואָס האָט שטאַרק פאַריבל אויף מיר דערפאַר וואָס איך לאָז דאָס פלעשל בראָנפן איבער אינגאַנצן צו אים און האַלט אים ניט נאָך.

יוסף לייב בערס איז געווען פאַררעכנט ווי דער־טאַטע פון דעם דראַמאַטישן קרייז. אויף פראָבעס — שטענדיק דער ערשטער. זעלטן יוסף זאָל פאַרשפּעטיקן אָדער דורכלאָזן אַ פראָבע. געהיט דיסציפּלין, זיך שטענדיק אונטערגעוואָרפן די אָנווייזונגען פון רעזי־שיסאר: —

„אפשר דורכגיין נאָכאַמאָל די סצענע, וואָס איז די איילעניש"? פלעגט ער זיך בעטן. און האָט יוסף אַמאָל ניט געהאַט קיין פאַסיקע ראָל אין אַ געוויסער פיעסע, איז זיין אַ סטאַטיסט אויך גוט. אַ קורצער אויפטריט, אָבער זיין פאַרבונדן מיט דער פאָרשטעלונג.

עס דערמאָנט זיך אַן אינצידענט:

עס איז שמחת תורה אין שטעטל. אין אָוונט גרייט זיך אַ פאָרשטעלונג. יוסף שפּילט איינע פון די הויפּט־ראָלן. גאַנץ פרי ווען יידן גייען אין שול אַריין, גייען די ליבהאָבער פון דראַמ־קרייז צו דער גענעראַל פראָבע. וועמען וועט עס איינפאַלן, אַז נאָך דער פראָבע וועט יוסף זיך נאָך אַריינכאַפּן אין דער זשוכאָוויצער שול אויף אַ לחיים און אַזוי איבערכאַפּן די מאָס, אַז ער וועט ביז האַרט פאַרן שפּילן ניט וויסן פון ארור המן ביז ברוך מרדכי?

קיין אַנדערע עצה איז ניט געווען: — מען האָט אים אין בעט אָפּגעגאָסן איייניקע מאָל מיט קאַלטע וואַסער. און יוסף האָט אַ פאַרזינדיקטער געשפּילט און גוט געשפּילט!

עס איז עפּעס אַ סיכסוך. יוסף איז אינמיטן, מאַכט שלום און הייסט פאָלגן. ער שטעלט זיך פאַר אַ ביי־שפּיל. און אַז נאָך לאַנגע יאָרן ערנסטער צוזאַמענאַרבעט, איז פאָרגעקומען איינמאָל אַן ערנסטע שפּאַלטונג אין דראַמאַטישן קרייז, געדענקען זיך זיינע פשוטע, האַר־ציקע ווערטער:

„חברים, וואַרפט אַוועק אייער פּאָליטיק. ווי וועט אויסזען מיר אָן דעם דראַמאַטישן קרייז, וואָס וועלן מיר טאָן? ווי וועט מען קענען לעבן ביי אונדז אין שטעטל, און וואָס וועט דער עולם, דאָס פּובליקום זאָגן?"

אָט די פשוטע ווערטער פון „טאַטן" האָבן געווירקט און מען האָט געשיקט נאָך אַ פלאַש בראָנפן.

נאָך און נאָך עפּיזאָדן האָט מען געקענט דערציילן וועגן אָט דעם פשוטן פאָלקס־מענטש און ערנסטן דראַ־מאַטישן ליבהאָבער.

באַמערקונג: יוסף לייב בערס, אַ פּועלי־ציוניסט נאָך פון 1905 יאָר, איז געווען דער אָנפירער פון דער יידישער זעלבסט־שוץ.

## בערל ליפא מיכאלעווסקי*

באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים, אַ שבת פ͏ַרי, ביי קאַמעניצקיס מויער.

אַ דאַרער, אויסגעמאָגערטער מיט אַ בלאַס פּנים, אָטעמענדיק שווער, איז ער געשטאַנען צווישן אַ חברה יוגנטלעכע, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן און גערעדט. אַלע האָבן מיט אינטערעס צוגעהערט.

עס האָט זיך געפילט אַן ערנסטע שטימונג. ניט געווען די געוויינטלעכע יוגנטלעכע אוואנטיורעס, מיט וועלכע עס האָבן זיך שטענדיק אויסגעצייכנט די שבת־דיקע פרימאָרגנס ביי קאמינעצקיס מויער. ניט קיין אנעקדאטן, וויצן, נאָר אַלע ווי איינער האָבן אויסגע־הערט וואָס בערל ליפּע האָט צו זאָגן. און בערל ליפּע האָט געהאַט וואָס צו זאָגן.

בערל ליפּע איז ניט געווען קיין עפנטלעכער רעד־נער, קיין אָראטאר. סאָציאַליזם, קלאַסן־צעטיילונג, סאָצ־יאַלע־פּראָבלעמען, ווי אויך די ראָל פון יידישער אַר־בעטער פּאַרטיי אין דער אינטערנאַציאָנעלער פּראָליע־טאַרישער משפחה — דאָס זענען געווען זיינע טעמעס אין די שמועסן ביי קאמינעצקיס מויער, אין פּריוואַטע הייזער, אין בית מדרש און ביי יעדער געלעגנהייט.

בערל ליפּע האָט ניט געזוכט און ניט גערדאַרפט קיין פּאַרזאַמלונגען, קיין מיטינגען. זענען געשטאַנען איניקע יידן און געשמועסט אין מאַרק, אָדער אויפן שול־הויף איז שוין פאַר בערל ליפען געווען אַ מיטינג.

בערל ליפּע איז ניט געווען קיין אָפּנויגער. פון זיינע פּרינציפּן האָט מען ניט געקענט אַראָפּדינגען קיין „קוצו של יוד". פּעסט האָט ער זיך געהאַלטן ביי זיינע איבערצייגונגען.

און וואָלט בערל ליפּע ניט געווען אַ קרבן פון טובערקולאָז, וועלכער פלעגט אים גאַנץ אָפט פאַר־שפּאַרן אין בעט אויף וואָכן און חדשים, וואָלט ער, אָן ספק, אַרויסגעוואָקסן צו אַ באַדייטנדיקער פיגור צווישן דער אַרבעטערשאַפט.

עס דערמאנען זיך די לעצטע טעג פון זיין לעבן. מיר, איניקע פריינט זיינע, זענען אים געקומען מבקר חולה זיין. קיין באַזונדערן צימער האָט ער ניט געהאַט. די בעט איז געשטאַנען אין אַ צימער וואָס עס האָט געדינט פאַרן עס־צימער, פאַרן אויפנאַם־צימער און פאַר אַלע פאַרשיידענע שטוביקע באַדערפענישן. געל, ווי אַ יריעה פּאַרמעט, האָט זיין פּנים אויסגעזען, אָבער זיינע לאָגישע געדאַנקען האָט די שוידערלעכע קראַנקייט ניט אָנגערירט.

„מיינע טעג, אויב ניט שעהן, זיינען געציילטע", האט ער אלע ווײלע, אנשעפנדיק לופט ארויסגערעדט. „אויבנאויף קען זיך דוכטן: וואס האט מיין קראנקייט צו טאן מיט אונדזער קאפיטאליסטישן סיסטעם? אבער עס האט! בין איך ניט קיין קרבן פון אט דעם סיסטעם? וואלט איך ניט געלעבט אין אזוינע שוידערלעכע באַ־דינגונגען, וואלט איך, אפשר, צו מיין צושטאנד ניט געקומען.

זעט, חברים, האלט אן דעם קאמף, דאס איינציקע וואס מיר פארמאגן נאך דערווייל. אויב ניט פאר אונד־זער צייט, איז, לפּחות, פאר די קומענדיקע דורות!"

אין איניקע טעג ארום האט בערל ליפּע מיכא־לעווסקי אויסגעהויכט זיין ריינע נשמה.

## חיים זשוק און משהל גינזבורג (קערענסקי)

אפּטיילן זיי באזונדער קען מען ניט. ווייל כאטש זייערע פיזישע סימנים זיינען געווען כרחוק מזרח ממערב, זיינען זיי דאך אבער געווען אזוי ווי צוויי מענטשן מיט „איין גוף און איין נשמה".

דער אונטערשייד אין עלטער איז געווען גאר א־קנאפּער. אויב איך האב קיין טעות ניט, איז חיים זשוק געווען מיט איניקע יאר עלטער פון משהל גינזבורג.

און דאך, ווי קאמיש דאס האט ניט אויסגעזען, איז משהל געווען „דער פעטער" און חיים זיין „פלימעניק".

ביידע זייער פעיקע געשעפטס־לייט, ביידע גאנץ פארמעגלעך, דאך אבער ביידע פאלקס־מענטשן. זייערע געשעפטס־חושים האבן זיי שטענדיק צוגעפאסט צו די געזעלשאפטלעכע ארבעטן וואס זיי האָבן געפירט.

---

*) איינער פון די אנפירער און טעטיקע עסקנים פון „בינד" אין מיר.

און אין וועלכער געזעלשאפט אין „דער מיר" איז חיים זשוק ניט געווען פארטראטן ?

האט טאקע דער באקאנטער געזעלשאפטלעכער טוער אין „דער מיר" — דוד קאצענעלסאן אמאל באמערקט : „ווען גאט באהיט, חיים זשוק זאל שטארבן, וואלט אויסגעבראכן א מגפה אין שטעטל" — עס וואלט געשטארבן א מיטגליד פון דער קהילה, א מיטגליד פון פאלקס־באנק, א מיטגליד פון דער שול־פארוואלטונג, א מיטגליד פון דער ביבליאטעק, א מיטגליד פון ביקור־חולים, א מיטגליד פון דער פייערלעשער־בריגאדע און נאך, און נאך . . .

חיים זשוק און משהל גינזבורג זיינען ניט געווען קיין אויסגעשפראכענע פארטיי־מענטשן טראץ דעם וואס משהל גינזבורג איז געווען א פועלי ציוניסט. זיי זיינען ביידע געווען מענטשן, וועלכע געהערן צו אלע פארטייען. ווו נאר א געזעלשאפט האט באדארפט טוער, איז חיים זשוק דא געווען אונטערגעשטעלט א פלייצע. און אז אין קהלשע געשעפטן שטעלט איינער אינטער א פלייצע, פעלן שוין ניט קיין פעקלעך ארויפצולייגן זיי אויף דער פלייצע. דעריבער איז ניט קיין וואונדער, וואס חיים זשוק איז שטענדיק ארומגעגאנגען מיט אן אויסגעבויגענע פלייצע — די געזעלשאפטלעכע ארבעט האט געדריקט.

חיים זשוק האט פארמאגט אן אייגנארטיקע אייגנשאפט : עס איז ניט געווען א זאך, א געשעעניש, צי עס איז געווען אין דער מיר, אין באראנאוויטש, אדער אפילו אין ווארשע, ער זאל ניט וויסן גלייך ווי די נייס איז פון דער נאדל ארויס.

חיים זשוק איז געווען א ניט געדרוקטע צייטונג, וואס האט פארשפרייט נייעס פרי־מארגן און אויף דער נאכט. און אז חיים זשוק האט עפעס אנאנסירט, איז עס געווען „קדוש וטהור".

פון וואנען און וויאזוי האט זיך צו א מענטשן געקומען אזא חוש, איז שווער צו דערקלערן. אבער א פאקט איז עס, האט עמיצער באדארפט עפעס וויסן : וואס הערט זיך ביים „קניאז" אין הויף, וואס הערט זיך אין גאראדייע, אין באראנאוויטש, אין ווארשע ? האט מען זיך געווענדט צו חיים זשוק, און ער האט שוין ריכטיק מודיע געווען, אויף אן אויטאריטעטן אופן.

משהל גינזבורג האט שוין אזא אייגנשאפט ניט פארמאגט, האט ער אבער, דערפאר פארמאגט אנדערע אייגנשאפטן ווי : אינטויציע, געזעלשאפטלעכע איניציאטיוו, איינפאלן א.אז.וו. עס דערמאנט זיך :

דאס איז געווען אנהויב פון דער רוסישער רעוואלוציע. קערענסקיס נאמען איז געווען דער פאפולערסטער אין גאנץ רוסלאנד. מיר, אן אינציאטיווגרופע פון דער יידישער פאלקס־שול, האבן צוזאמענגערופן א באראטונג וועגן גרינדן א יידישע פאלקס־שול אין „מיר". מען האט גערעדט, זיך געפילפולט ווי אזוי הויבט מען אן שאפן אט די שווערע און וויכטיקע אינסטיטוציע ? ניט קיין פינאנסן, ניט קיין געביידע, ניט קיין שול־בענק, ניט קיין קינדער, אבער דערפאר אגרויסע און שטארקע אפאזיציע ; דער רעליגיעזער פראנט, די ישיבה, די תלמוד תורה!

משהל גינזבורג איז געזעסן, געשוויגן, אויסגעהערט, געטראכט אין מיטאמאל . . . „חברים, כל התחלות קשות" און האט ארויסגעהויבן א קאנקרעטן פלאן פון ארבעט, א התחלה פון אויפבוי, אז אלע זיינען נשתומם געווארן.

„קערענסקיס קאפ" האט עמעצער באמערקט. און פון דאן אן איז פון משהל גינזבורג געווארן „משהל קערענסקי". משה גינזבורג איז געווען אן אקטיווער פועלי ציוניסט.

ווי געזאגט, זיינען חיים זשוק און משהל קערענסקי ניט אפגעטראטן איינער פון צווייטן, שטענדיק געגאנגען צוזאמען, געקהלט צוזאמען, אבער ווי פארשיידן טראגיש אומגעקומען.

חיים זשוק איז געווען צווישן די געזעלשאפטלעכע טוער, וואס זענען אויף מארגן ווי די נאציס האבן זיך באוויזן אין שטעטל, באגראבן געווארן לעבעדיקערהייט. און משהל ? אים האבן זיינע אזוי גוט באקאנטע פויערים, מיט וועלכע ער איז געווען פארבונדן מיט האנדל און פריינטשאפט, מיט גראבאייזנס, מיט קאסעס פארפייניקט צום טויט.

כבוד זייער אנדענק !

**מ. צינקין**

# יאשע דער מלמד

מיין פאטער איז געווען יאשע דער מלמד, מ׳האט אים אויך גערופן „יאשע דער פערעמאלניק״, ווייל זיין פאטער, מיין זיידע איז געווען א פערעמאלניק, א ייד אן ארעמאן, וואס פלעגט מיט א פערד און וועגעלע צעפירן זעקלעך מעל פון די מילנער צו די בעקער. מיין טאטע איז געווען א מלמד אין דער מיר אריבער 50 יאר. גאנצע פופציק יאר האט ער געלערנט מיט די מירער קינדער תנ״ך מיטן ביאור. זיין תנ״ך האט געהאט א גרויסן נאמען אין דער מיר.

ווען ער האט אנגעפאנגען די מלמדות פון תנ״ך מיטן ביאור, האבן די גאר פרומע עס געהאלטן פאר א מין אפיקורסות, און האבן זייערע קינדער אים נישט געגעבן צו לערנען. אבער די אינטעליגענץ פון יענער צייט: די „שווארצע משפחה״, די וואלד־סוחרים און די רייכע קרעמער, האבן געשיקט זייערע קינדער צו יאשע דעם מלמד, און האבן געצאלט פינף און צוואנציג רובל שכר לימוד פאר א זמן. עס איז כמעט געווען א יחוס צו לערנען א פאר זמנים ביי יאשע דעם מלמד. ער איז אויך געווען א גרויסער מדקדק און האט געלערנט מיט די תלמידים דקדוק, ער איז געווען א סך יארן דער בעל־קריאה אין ישיבה.

ער איז געווען א מלמד ביז צום לעצטן טאג פון זיין לעבן, און געשטארבן „ווי א סאלדאט אין די שטיוול״, אין יאר 1905.



ועד „פרייהייט״, 1928.

שלום גלוסקין, שמחה רזניק, איטקה קגן, חצקל רבינוביץ, משה קמינר, ישראל טרצביצקי, נחמה זוכביצקי, לייזר פרסלין.



מסיבה לעלית יצחק רזניק 15.2.1938.

**יושבים : מימין לשמאל :** בולפוביץ פיבל, שוסטרמן דינה, קסטרוביצקי לאה, רזניק רחל, רזניק אסתר.

**משמאל לימין :** קפלן ברוריה, צינקין יצחק, פרניקוב אסתר, דבודקין ירחמיאל, מזורביץ יואל, רבינוביץ משה, מזורביץ צבי.

**עומדים : מימין לשמאל :** רזניק דב, רזניק מלכ׳קע, רזניק זימל, פריד אפרים, כגן מרה, קפלן וועלע, הו׳כבי סוניה, מורה.

**משמאל לימין :** אברשטין חנה, מנדלמכר נחמה, רייזין ליבע, טרובוביץ סוניה, ירמיצקי ראובן, רזניק ישראל

**עומדים, באמצע :** רזניק אברהם, רזניק יצחק, רזניק חסיה, רזניק משה, רזניק אלינקע.



קב׳ חברי השומר הצעיר לעליותו של דב רזניק ארצה.

**מימין לשמאל :** רייזל יורשן, רבקה גולדברג, עליזה רזניק, דב רזניק, יעקב מזורביץ, נחמה צינקין, אברשה ארנובסקי, רבקה אברשטיין (לידר), ראובן ירמיצקי.

**מרים סווירנאָווסקי** (מאריאשע לידער)

# אין די יארן 1939 — 1941

זומער 1939, יעדן טאג ווארט מען מיט אומגעדולד אויף די צייטונגען. פארנאכט אויף קאמינעצקיס ראג דיסקוטירט מען די אינטערנאציאנעלע לאגע, שטייען יידן אין רעדלעך און מען פירט ויכוחים, מען לייענט צווישן די שורות, מען זאגט ארויס השערות, מיט יעדן טאָג ווערט די לאגע ערנסטער.

מלחמה־שטימונג, ס׳איז 25 יאר נאך דער ערש־טער וועלט־מלחמה, דאס ווערט זייער אפט דערמאנט, און עס האלט שוין בא אַ 2־טער; מען וועט נאר אראָפּ־נעמען די תבואות פון די פעלדער, וועט זיך עס אנ־הויבן, און ווירקלעך, סוף אוגוסט 1939 ווערן אלע קאמוניקאציע־מיטלען פאר דער ציווילער באפעלקערונג אפגעשטעלט, אלץ ווערט באזעצט מיט מיליטער, עס ווערט געמאלדן א מאביליזאציע פון געוויסע יאר־גענג. פרייטיק דעם 1/9, הויבט זיך עס אן.

עס דערמאנט זיך אבראשע אראנאווסקי, וועמענס פאטער ס׳איז אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און ער, אבראשע, אין די ערשטע טעג פון דער 2־טער.

עס שאפן זיך ארט־קאמיטעטן, וועלכע באשטייען אויסשליסלעך פון פאליאקן, זייער ארבעט — צושטעלן דער ארמיי אלץ נויטיקע אין דער מלחמה־צייט; ס׳איז דא א מעלדונג וועגן צושטעלן שמעלץ־אייזן און אלטע גומי. כדי עס זאל ניט נעמען צופיל צייט דאס אויפ־זאמלען, ווערט אנגעוויזן אין דער מעלדונג, דארף דאס אוועקגעלייגט ווערן אויפן טראטואר פארן שטוב. אין וועלכער שטוב האבן זיך ניט געפונען עטלעכע פאר אלטע קאלאשן און עטלעכע צעפלאצטע טשעהונעס צום ארויסווארפן? האט מען דאס אוועקגעלייגט פארן שטוב, אזוי ווי פוילן האט שוין געברענט פון אלע זייטן, זענען, נעבעך, די קופקעלעך אלטווארג, די קונפטיקע שוץ־מיטל, געבליבן ליגן פארשעמט אויף די ערטער, צונעמען זיי וואלט געקאנט אויסגעטיישט ווערן ווי סאבאטאזש, וואס האט געשמעקט מיט קארטוז־בערעזער קאנצענטראציע־לאגער.

די טעג ציען זיך לאנגזאם, פול מיט מורא, ס׳הויבן אן אנקומען פליטים. מען נעמט זיי ווארעם אויף, צו יעדן מאמענט קענען מיר זיין אין זייער לאגע, וווהין וועלן מיר לויפן? זיי גיבן איבער וועגן אויסערגע־וויינלעכן כח פון דער דייטשישער ארמיי; מיט וואס פארא טעמפא זי באוועגט זיך פאָראויס, היינט־מארגן קענען זיי דא זיין, זיי גיבן אויך איבער וועגן שרעק־לעכע רציחות איבער יידן.

ס׳איז דער ערשטער טאג ראש־השנה, די בתי מדרשים זיינען אלע איבערפולט מיט מתפללים, פאר שופר־בלאזן האלט ר׳ ראובן אבערשטיין ז״ל א דרשה, דאס פארשטיקטע געוויין געפינט זיין אויסבראָך און א מוראדיקע יללה האלט אן א לענגערע צייט.

מען באמבארדירט באראנאוויטש, עס הערן זיך ווייטע אויפרייסן, יידן, באזונדערס יונגע מענער, קו־מען אין גרויס בהלה צו אונדז, מיר זענען כמעט די לעצטע סטאנציע, ווו קען מען ווייטער לויפן? „צו דער סאוועטישער גרעניץ" — איז דער ענטפער, מען וועט זיך לאזן אויף אלע וועגן, כדי צו זיין וואס ווייטער פון דייטש, אבער עס שטייט דאך איין אייזערנע וואנט צווישן אונדז! זונטיג דעם 17/9 הויבט זיך אן פאנאנ־דערוקן די אייזערנע וואנט, און אנשטאט מיר זאלן לויפן צו זיי, קומען זיי צו אונדז, עס האט זיך אנגע־הויבן פארטאג מיטן באווייזן זיך פון עראָפּלאנען, מיר האבן זיי אנגענומען פאר פיינטלעכע, מיר לעבן איבער טויט־שרעק, באלד, באלד וועלן זיך אנהויבן שיטן פון דער הויך איבער אונדז... דאן זעען מיר דורכלויפן אויטאָס, זיי יאגן זיך מיט אזא אימפעט, אז מען זעט בלויז דעם שטויב וואס זיי הויבן אויף. ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן זיינען די עראפלאנען געווען סאווע־טישע, און א פאר שעה ארום זענען שוין געווען ביי אונדז די סאוועטישע טאנקען. די איבערראשונג איז געווען אזוי גרויס, אז יונג און אלט, גרויס און קליין זיינען „ארויסגעפאלן" אין די גאסן מקבל פנים זיין אונדזערע רעטער, קיינער פון אונדז איז ניט בכוח

געווען צו טראכטן אויף א לענגערע מעטע, מיר זענען געווען גליקלעך מיטן מאמענט, די סאוועטישע אפיצערן, ווי די סאלדאטן, זענען געווען זייער העפלעך, קינדער געגלעט איבער די קעפעלעך, דערוואקסענע צוגעזאגט א פרידלעך רואיק לעבן און נאך קיין שום זאַך האט מען אזוי ניט געלעכצט, ווי נאך אביסל רו.

אונדזערע נעכטיקע מאכט־האבער זיינען פלוצלונג קליין געווארן, עפעס האבן זיך זייערע קעפ ניט געקענט מער הויך האלטן, מיט געבויגענע קני, מיט כלומערשט שמייכלדיקע פנימער האבן זיי זיך גענויגט פאר יעדן סאוועטישן טאנק.

איך מוז מודה זיין, אז מיר האבן גאנץ הנאה געהאט פון זייער יעצטיקער לאגע, מיט א טאג פריער זענען מיר געווען די בירגער פון א נידעריקער מדרגה. אונדזער וויט סודניק איז גלייך דעם ערשטן פרימארגן ארעסטירט געווארן; אין די ערשטע טעג איז אויך ארעסטירט געווארן דער קניאז מירסקי מיט זיין אדמיניסטראטאר, צוזאמען מיט די פיל געסט פון דער פוילישער רעגירונג, וועלכע זיינען מיטן שטראם פארטראגן געווארן צו אונדז.

גלייך דעם ערשטן אוונט איז אראפגענומען געווארן די פארטינקלונג, די ראדיא הילכערס האבן אויסגערופן: זעט, אין בערלין איז פינסטער, אין לאנדאן איז פינסטער, ביי אונדז איז ליכטיק און פריילעך...

ווי שטענדיק אין אזעלכע פאלן פארפעלן ארטיקלען פון ערשטן געברויך; אז מען לעבט, דארף מען עסן און פארן הונגער האט מען מורא, עס האט לאנג ניט אנגעהאלטן און די לאגע האט זיך שטופנוויז נאָרמאליזירט: אז מען איז שוין געווען זיכער פון הונגער, האבן דאך מענטשן מענטשלעכע שוואכקייטן, האט מען אנגעהויבן איינקויפן, איבערקלייבעריש איז מען ניט געווען, מען האנדלט, מען קויפט, מען כאפט מציאות. די סיבה פון כאפן איז געווען, וואס דאס מיליטער האט זיך א לאז געטאן קויפן אלץ, וואס עס לאזט זיך. גייט א סאלדאט און טראגט א סקאָרוועדע, פרעגט מען אים, צו וואס דארף דאס א סאלדאט, ענטפערט ער, אז דאס וועט זיין א מתנה דעם ווייב, דערפון איז געדרונגען, אז פון שטוב־ווירטשאפט האבן זיי גארניט, האט מען דאך ניט אויפגעהערט צו פרעגן וועגן די אלע קלייניקייטן, וועלכע זיי כאפן, איז זייער ענטפער: „צו האט איר געזען אונדזערע טאנקן?"

און ס'איז טאקע געווען וואס צו זען, מען איז אראפגעקומען מיט די אמתע כלים, ס'איז כדאי ניט נאר די קלייניקייטן אויסצובייטן אויף אזעלכע טאנקן, וועלכע זיינען ד א ן געווען זיכערקייט.

מען האט זיך באצייטנס גענומען ארומקוקן אויף די ניט געווונטשענע. אין דער נאענט פון דער־מיר האט געלעבט א גרופע פאליאקן מיליטערישע קאָלאָניסטן, די אזוי גערופענע אסאדניקיס, זיי האבן זיך דא באזעצט נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, באקומען צוגעטיילט באדן און עס באארבעט, זיי זיינען געווען זייער פלייסיקע און דערפארענע ווירטשאפטלער, זיי זענען געווען די ערשטע, וועמען מ'האט ארויסגעפירט, זייערע ווירטשאפן האבן געזאלט דינען אלס קומענדיקער קאלכאז.

די ערשטע עטלעכע טעג נאכן ארייננמארשירן פון דער רויטער־ארמיי זענען געווען געשלאסן די קראמען, מען האט ניט געוווסט וואס פארא געלט עס וועט זיין אין אומלויף, איז געקומען א מעלדונג, אז א סאוועטישער רובל גלייכט זיך צו 4 זלאט.

די קרעמער האבן באַקומען א פאראָרדענונג צו עפענען די געשעפטן, פאר וועלכע עס האבן זיך אויסגעשטעלט לאַנגע רייען, פארשטייט זיך, אז די ערשטע זאך זענען פארקויפט געווארן אלע רעשטן, אלע פארלעגענע סחורות, וועלכע האבן ניט געדענקט דעם טאג פון זייער באשאפן ווערן. מען האט אויפגעהערט צו רעדן וועגן „קויפן" אדער „בייטן", ס'איז שוין געווען א פראגע וואס גיט מען און וואס טיילט מען?

דער אפזאץ איז גרויס, עס זענען דא פאַרקויפער, איבערקויפער און קויפער, ס'איז דא א מעגלעכקייט צו מאכן עטלעכע רובל, האט זיך אנגעהויבן א פאָרעניש אין די גרעסערע שטעט נאך סחורה, אלץ, וואס מען האט געבראכט איז פארציקערט געווארן, נעכטיקע קבצנים זענען איבערנאכט רייך געווארן, מען האט אבער שפעטער טייער באצאלט דערפאר.

ביאליסטאק איז פון ערשטן טאג פראקלאמירט געווארן אלס הויפטשטאט פון מערב ווייסרוסלאנד, דער מערב דארף אנגעשלאסן ווערן אין מזרח, די פראגע דארף געשטעלט ווערן צו אפשטימונג (און אונדזער הסכמה טוט זיך גארניט). יעדע שטאט און שטעטל שיקט אירע פארשטייער קיין ביאליסטאק, כדי „צו הייבן די האנט", פון דער־מיר איז דעלעגירט געווארן

נחום ברוק, אלס ערלעכער ארבעטער, וועלכער האט קיינמאל ניט עקספּלאָטיר׳ט קיין פרעמדן. נחום׳ס פרעסטיזש איז געוואקסן, מען האט אנגעהויבן קוקן אויף אים פון אונטן ארויף.

נאך דער אפשטימונג אין ביאליסטאק איז דער־מיר באשטימט געווארן אלס ראיאָן־שטאט פון באראנאוויטשער „אָבלאסט״, מיט א טאג ציידונג; 2 צען־יאר־שולן מיט ווייסרוסיש אלץ אונטערריכט־שפראך, 1 יידישע פאלק־שול אין הויז פון הרב פינקעל און טייל־ווייז אין בנין פון תלמוד־תורה, שול־לייטער: אויערבאך, לערער: פיקוס, גארדאן און מאניע שווארץ־ביסל.

אז עס איז אריבער די ערשטע איבערראשונג און מען האט פארגעסן די פריערדיקע סכנה, האבן מיר זיך דערזען פנים־אל־פנים מיט אונדזער נייערווירקלעכקייט, עס האט זיך איינגעשטעלט א שטענדיקע מאכט מיט אירע חוקים ומשפטים, נאציאָנאליזאַציעס און מוניציפאליזאציעס. טייל פון דער באפעלקערונג האט זיך גענומען פילן ניט זיכער, צוליב סאציאלע טעמים, זיי האבן באקומען פאספּאָרטן מיט פאראַגראפן, וועלכע האבן קיין גוטס ניט אנגעזאגט, ווער ס׳איז אפילו ניט געווען אויסגעשטעלט איפן געהאלט, האט געזוכט ארבעט, כדי צו כשרן זיך, פאָרצוג האבן געהאט ניט פארמעגלעכע.

דער־מיר האט ניט געהאט גענוג בנינים אויפצונעמען דעם גאנצן גרויסן אפאראט, וועלכער איז אנגעקומען, האבן זיך טאקע אנגעהויבן די נאציאנאליזאציעס. וואס האט מען נאציאָנאליזירט? גרעסערע אונטערנעמונגען, אפטייקן, אפטייק־סקלאדן, און נאכהער הייזער. אין די אלע הייזער האט מען איינגעארדנט ביוראען אדער וווינונגען פאר דעם נייעם קלאס יחסנים.

נאכן קומען פון די סאוועטן האט זיך עוואקואירט קיין ווילנע די ישיבה מיט הרב פינקעל בראש.

אין בנין פון ישיבה איז איינגעארדנט געווארן א קלוב, וועלכער האט געדינט אלס שטענדיקער ארט פון מיטינגען, ביים קלוב איז טעטיק געווען א כאר, ארגאניזירט דורך יאסל קריינאוויטש, דער כאר איז געווען אנגעשלאסן אין „ווייסרוסישן אנסאמבל פון ליד און טענץ״.

די גאנצע רבנישע ליטעראטור, וועלכע איז איבערגעבליבן אין דער ישיבה ווי אויך די איבער 3000 ביכער פון דער מירער ביבליאטעק, זיינען איבערגעפירט געווארן אין דער אלטער בויניע. דער לאזונג איז געווען: פריער ברעכן און נאכהער בויען, ווי מען האט געבראכן האבן מיר געזען, די ביכער און די גמרות זענען פארניצט געווארן פון די פויערים אלס פאפיר, מיר, וואס יעדער איינער פון אונדז האט שוין געהאט א גאנץ שווערן פאק אייגענע זארגן, ווייל ניט לייכט איז זיך צוצוגעוויינען צו א נייעם רעזשים, זאל דאס אפילו זיין א רעזשים פון יושר און גערעכטיקייט, האבן מיט גרויס ביטערניש זיך צוגעקוקט, ווי עס ווערן צעטראטן אונדזערע קולטורעלע אוצרות, גליקלעך זענען געווען די קינדער, זיי האט מען גלייך אנגעטאן די רויטע גאלסטוקן פון פיאָנערן. מען האט אפט געוויזן פראפאגאנדע פילמס, די יוגנט האט אויך גלייך געפונען א פלאץ פאר זיך. אז מען האט געענדיקט מיטן מיטלשטאנד, ווייל לויט מיין אפשאצונג, זענען קיין בורזשויען ביי אונדז אין שטעטל ניט געווען, האט מען זיך גענומען ארגאניזירן די בעלי־מלאכות אין ארטעלן, מייסטנס האט מען די ארטעלן איינגעארדנט אין די בתי מדרשים, די מתפללים האבן פרובירט אין א גאנץ פארזיכטיקער פארם זיך קעגנשטעלן, אבער עס האט גארנישט ניט געהאלפן. מען האט איינגעארדנט מנינים אין פריוואטע שטיבער, די פריערדיקע קליינהענדלער, וועלכע האבן ביסלעכווייז אליין ליקווידירט זייערע קרעמלעך האבן געבילדעט א קלאס לײדיקגייערס, וועלכע האבן נאך ניט געארבעט און געלעבט פון גרייטן.

די פויערים האט מען ניט נאציאָנאליזירט, זיי האבן ניט געהאט קיין גרויסע שיינע הייזער אדער אונטערנעמונגען, פאר זיי איז געווען איין אנדער שרעק — דער קאלכאז, פאר וועלכן זיי האבן מורא געהאט אימת־מות. פאָרלייפיק האבן זיי געדארפט צושטעלן דער רעגירונג אלץ, וואס זיי באקומען ארויס פון זייער ווירטשאפט, זיי האבן דאס געגעבן מיט גארניט קיין גרינג הארץ, דערפאר איז דאס געפירט געווארן מיט מוזיק, מיט דער רויטער פאן בראש, דאס האט געהייסן קראסני אבאז, צומארגנס פלעגט זיך באווייזן א מעלדונג אין דער ארטיקער ציידונג, אז דער און דער דאָרף האט זינגענדיק און טאנצנדיק צוגעשטעלט אזוי־פיל און אזויפיל תבואה דער רעגירונג.

עס האט זיך געביטן דער אויסערלעכער אויסזען

פון שטעטל, דער מארק, דער שטענדיקער האנדלס־צענטער האט פארלארן זיין לעבהאפטן אויסזען, די עטלעכע רייען פארמאכטע קראמען האבן געשאפן איין אומהיימלעכע יום־טוב־דיקייט.

א געוויסע צייט זיינען אין די באשטימטע מאָנטאָגס קיין יאַרידים ניט פאָרגעקומען, די פויערים האבן זיך אפגעהאלטן פון פארקויפן זייערע פראדוקטן צוליב דעם אומצוטרוי צום סאוועטישען געלט; ווען עס האבן זיך באנייט די מערק, איז דער פלאץ זייערער געווען אויסער דער שטאט.

דער יארן־לאנג־פארשלאָסענער פארק, וועלכער האט צוזאמען מיט דער פערמע און מיטל־אלטערלעכן שלאס געהערט צו קניאז מירסקי, איז געעפנט געווארן פארן פאלק און געדינט אלץ שפאציר־ארט, און די פלאצן פון דעם אויבן דערמאנטן קניאז איז איינגעארדנט געווארן א **שפיטאל**.

ס׳איז געווארן א **טענדענץ אויף „גרעבערע״ זאכן**, אנשטאט עלעגאנטע שיך, מאנטלען און קליידער האט זיך יעדערער איינגעשאפט א פעלצל, שטיוול און וואליקעס מיט קאלאשן. אזוי ווי אין יענער צייט זענען די סחורות ניט צוגעשטעלט געווארן צום סעזאן, האט געטראפן, אז אויף שבועות פלעגן אנקומען די וואליקעס און אויף חנוכה די סאנדאלן.

דאס זעלבע איז אויך געווען אויפן געביט פון באשפייזונג, מען איז איבערגעגאנגען צו גרעבערע שפייז, אזוי אומגעפער איז געפלאסן אונדזער לעבן 22 מאנאטן ביז דער פאטאלער דאטע פון 22/6 1941, וועלכע איז געווארן דער אנהויב פון אונדזער סוף.

**אסתר קרינציקי—גאראדייסקי—בערקאוויטש**

# זכרונות פון דער דייטשער אקופאציע

געבוירן אין קריניטשנע, מירער קהלה, האב איך חתונה געהאט אין דער־מיר מיט פרץ גאראדייסקי און געוווינט דא 19 יאר. מיר האבן געהאט דריי קינדער: צוויי זין חייקיל ז״ל און יוסף ז״ל און א טאכטער סאָניע ז״ל. בעת׳ן באמבארדירן די שטאט דורך די דייטשן בין איך מיט מיין משפחה אוועק צו פוס אין קריניטשנע צו מיין פאטער, דארטן זיינען מיר געווען 7 חדשים. איך האב זיך געפילט גליקלעך, וואס איך האב זיך געפונען אין קריניטשנע און נישט אין דער־מיר, ווייל דארט זיינען מענטשן שוין געבליבן איינצעלנע און איך בין נאך געווען מיט מיין גאנצער משפחה. אבער אויך אויף אונדז איז געקומען דער פינסטערער טאג. אין איינעם א שבתדיקן פרימארגן האט מען אנגעקלאפט בא מיין פאטער אין טיר, דאס איז געווען א פאָליאק, געבראכט אונז א בריוועלע פון בוניע גרינולד דער בעקערקע, מיר זאלן אוועקגיין פון שטוב און זאגן די איבעריקע יידן, זיי זאלן אויך דאס זעלבע טון, און צו זיי זאלן מיר נישט קומען. מען האט גענומען טראכטן וואס דאס באדייט. פונקט איז געווען בא מיין פאטער א קריסטין פון יעניצע, 6 קילאמעטער פון קריניטשנע, האב איך געזאגט, אז איך פאר מיט איר אויף נעכטיקן און מארגן וועל איך מיט איר פארן קיין דער־מיר זיך דערוויסן וואס דאס בריוועלע באדייט. איך האב זיך אנגעטאן ווארים, ווייל דער פראסט איז געווען שטארק און איך האב זיך פארמאסקירט פאר א קריסטין. אויף מארגן זיינען מיר אנגעקומען אין דער־מיר, איך בין אוועק אין יודענראט, איך האב דארטן געטראָפן אליעזר ברעסלין, און איך האב אים געפרעגט וועגן בריוועלע, וואס בוניע האט געשיקט. האט ער מיר דערציילט, אז עס איז דא אין דער־מיר איינער א קאמענדאנט אונטערן נאמען אָסוואלד און ער האט אנגעזאגט, אז מען זאל זאגן די יידן אין די דערפער, אז עס דארף פארקומען אויף זיי א שחיטה. אזוי ווי די נאכט איז צוגעפאלן און איך האב געדארפט פארן צוריק, האט מיר אליעזר ברעסלין באגלייט און ער האט מיר צוגעזאגט, אז אויב ער וועט הערן, אז עס איז פארגעקומען א שחיטה אין א דארף, וועט ער דינגען א קריסט, ער זאל פארן אין קריניטשנע אנזאגן אז מיר מוזן אוועקגיין פון די הייזער. איך בין געקומען צו דער קריסטין זיך געלייגט שלאָפן. פאר־טאג איז אנגעקומען מיין ברודער בעריל קריניצקי, ער איז אריין און געזאגט „מיין שוועסטער, דו האסט שוין נישט צו וועמען צו קומען״. אין דעם זעלבן טאג, וואס איך בין ארויסגעפארן, זיינען געקומען דריי פורן דייטשן מיט פאליציי צוזאמענ־

געקליבן דריי משפחות יידן, צווישן זיי מיין פאטער ז״ל און מוטער פעסיע ז״ל, מיין מאן און מיינע דריי קינדער, אויך מיין ברודערס פרוי גיטל ז״ל און זיינע דריי קינדער חייקיל ז״ל, יהושע ז״ל און א טאכטער רחל ז״ל, אויך אונדזער קוזין מיט א פרוי און 4 קינדער און שמעריל ליס ז״ל מיט א פרוי און א טאכטער. הינטער מיין פאטערס א געביידע האט מען זיי אלעמען צעשאסן און בארגראבן. מיט גרויס געשריי און געוויין בין איך און מיין ברודער אוועק קיין סטאָלפצי אין געטא, ווייל ווען מיר קומען אין דער־מיר, וואלט מען אונדז אויך געשאסן, ווייל סאראפימאוויטש, דער קאמענדאנט, האט אונדז געקענט. מיר זענען אוועק אין יודנראט און מיר האבן אלעס איבערגעגעבן וואס ס׳איז פארגעקומען מיט אונדזערע ליבע און טייערע, דאן איז געגאנגען מיט אונדז דער פרעזעס פון יודענראט וויטענבערג, זייער א ווילער מענטש, צום קאמענדאנט און מיט אים איינגעטענהט. דאן האט ער אונדז אריינגערופן און דער קאמענדאנט האט צו אונדז געזאגט: נישט גיין הינטערן שטאט, מיט קיינעם נישט שפרעכן, פלייסיק ארבעטן... פערשטעהען מיינע ליבע שוויינען? נאכער האט אונדז דער פרעזעס אריינגעפירט אין געטא אין א שטוב, ווי עס האבן זיך געפונען 32 נפשות.

ווי אזוי איז געבליבן לעבן מיין ברודער אין יענעם טאג? איידער די דייטשן זענען אריין, האט מיין ברודער אוועקגעפירט אין מיל א פור קארן, גערשטן און ווייץ. די דייטשן האבן בא מיין פאטער און ברודער אלעס צוגענומען: די קי און די פערד; מען האט זיך נישט געטארט באוועגן, אבער עסן האט זיך געוואלט און די משפחה איז פארגרעסערט געווארן, ווייל איך מיט מיין משפחה זיינען דאך אויך געוועזן בא מיין פאָטער, האט מיין ברודער געבעטן א קריסט, ער זאל פארן מיט אים אין מיל אפנעמען די מעל. ווען מיין ברודער איז געפארן צוריק מיטן מעל, איז ארויס די פרוי פון דעם קריסט און האט געזאגט צו מיין ברודער „פאניע בערקאָ! עס זיינען צו אייך אוועקגעפארן דריי פורן מיט דייטשן און פאליצייי", ווען מיין ברודער האט עס דערהערט, האט ער געזאגט צו דער קריסטין: אויב אזוי, דארף איך שוין נישט די מעל. ער איז אוועק און זיך געשטעלט אויף א בארג א קילאמעטער פון זיין הויז און געזען ווי מען האט ארומגערינגלט די הויז און געשאסן, ער האט געהערט די געשרייען פון אונדזער משפחה ווי אויך „שמע ישראל", מיין ברודער האט זיך געלאזן גיין אהין, האבן די קריסטן געזאגט, אז די משפחה לעבט שוין סיווי נישט, זאָל ער בעסער גיין זיך באַהאלטן. ער איז אוועק אין וואלד צו א קריסט, ביינאכט האט זיך מיין ברודער אויפגעהויבן און געגאנגען איבער וועלדער און פעלדער צו מיר.

מיר האבן אין סטאָלפצי געליטן הונגער און שמוץ, אויפן באנהאָף האבן מיר געארבעט 8 מאנאטן, מיר האבן גוט פאַרשטאנען אז עס דערנענטערט זיך דער פינסטערער טאג אויף די סטאלפצער יידן: אלע ארומיקע שטעטלעך זענען שוין געווען ריין פון יידן, אין יענער צייט האב איך געארבעט בא א גענעראלס א טאכטער מיטן נאמען טאמיליאווסקי, קיין האניק האב איך בא איר נישט געלעקט, זי האט מיך ליב געהאט, אבער זי האט ליב געהאט, איך זאל ארבעטן וואס מער און עסן האט זי קיינמאל נישט געגעבן. מיר האבן זיך גענומען קלייבן אין וואלד אריין מיט דעם געדאנק, אז מיר האבן אסאך באקאנטע קריסטן און יעדער קריסט וועט אונדז אריינלאזן אָנווארימען זיך און געבן עסן. איין פרימארגן איז געקומען צו מיר מיין ברודער און געזאגט, אז מיר דארפן שוין גיין אין וואלד, ווייל אלע מענער פירט מען ארויס קיין בארנאוויטש און מינסק. ווען מיר זענען געגאנגען אין געטא עפעס נעמען מיט זיך, האט מען צוריק שוין נישט ארויסגעלאזט, איך בין אוועק צו מיין ארבעט און אין געטא האט זיך אָנגעשלאסן צו מיין ברודער א מאן מיט א פרוי פון שטעטל טורעץ ניאמע און צירל מענדעלעווסקי. די פרוי צירל האט אויפגעהויבן די שטעכלדראָט פון פארצאָמטן געטא און ארויסגעלאזט איר מאן און מיין ברודער און זיי אלע זיינען געקומען צו מיר; פון דארטן זיינען מיר אוועק צום טייך ניעמען. דאס איז געווען 12 אזייגער ביי טאג; מיר זענען אין די זאכן אריבערגעגאנגען דעם טייך, אראפגעריסן די לאטעס די געלע. א גאנצע נאכט זענען מיר געגאנגען, ביז מיר זענען געקומען אין די קריניטשנער וועלדער. אויפן וועג זענען מיר אריין צו א באקאנטער קריסטין, האט זי אונדז געגעבן א גרויס ברויט, בייטאג זענען מיר געלעגן אין וואלד און אין אוונט געגאנגען צו נאך א קריסט און געקראָגן נאך שפייז; צוריקגייענדיק האבן מיר אנגעגראבן אויף אונדזערע פעלדער קאר־

טאפל און מייערן. ווי גרויס איז דער ווייטאק געווען, ווען אונדז איז אויסגעקומען צו גיין פארביי מיין פאטערס הויז, ווו עס האט שוין געוווינט א קריסט און 30 מעטע־ פון הויז איז געווען דער גרויסער קבר מיט אונדזערע ליבסטע און טייערסטע; אבער אזוי ווי די קראפט פון מענטשלעכן לעבן איז זייער גרויס, איז געגאנגען דאס לעבן אויף ווייטער. ווען מיר זענען געשלאפן אין וואלד, האבן מיר דערהערט פארטאג א שטארקע שיסעריי און א קוויטשעריי פון א מענטשן; דאס איז געווען מירער פאליציי, וועלכע האבן דערזען א גרופע מירער יידן; דאס איז געווען איין קילאמעטער פון אונדז. מיר האבן די יידן טאקע געזוכט און נישט געקאנט געפינען. דאס געשריי איז געווען פון א יינגל מיטן נאמען שרייבער, וועלכן די פאליציי האט געראנירט, די איבעריקע מירער יידן זענען זיך צעלאפן. מיר האבן זיך אויפגעהויבן און אוועק אין א צווייטן ארט. ווען מיר זענען אין אוונט געקומען צו א קריסט, האט ער אונדז געזאגט, ווו די מירער געפינען זיך און צווישן זיי מיינער א קוזין אליעזר קריניצקי און יוסף פאדערסקי. זיי קומען צו דעם קריסט בעטן עסן. מיר האבן געבעטן דעם קריסט, ער זאל אונדז צוזאמענפירן מיט זיי, און אזוי איז געווען, ער האט זיי געבראכט צו אונדז. דאן זיינען מיר שוין געווארן א גרופע פון 7 פערזאן: 2 פרויען און 5 מענער, מיין ברודער איז געווען זייער קאמאנדיר; וואס ער האט געזאגט, האבן אלע געפאלגט, מען האט געמאכט פון טראסטניק בודקעס און אין די בודקעס זיינען מיר געווען ביז וואנען עס איז געווארן גאר א גרויסער פראסט און דער ניעמען איז פארפרוירן געווארן, האט מען באשלאסן, אז מען מוז מאכן א זעמליאנקע אין דער ערד, אבער פון וואס און מיט וואס זאל מען מאכן? האט מיין ברודער געהייסן נעמען זעקלעך מיט א לאפעטע, פאר דריי קילאמעטער איז געווען דעם קוזינס הויז, ווו קיינער האט נישט געוווינט, מען האט צעווארפן דעם אויוון, גענומען די ציגל אין די זעקלעך, געגאנגען איבערן טייך ניעמען און געבראכט די ציגל. יעצט דארף מען האבן ליים אויף מאכן די פליטע, האט מען באשלאסן, אז איך און די 5 מענער זאלן גיין נאך ליים; די צווייטע פרוי איז געבליבן אין בודקע, ווייל עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז זי איז געווען אין אנדערע אומשטענדן, געגאנגען זענען מיר פארנאכט, ווייל מיר האבן זיך געשראקן נישט נאר

פאר די דייטשן און פאליציי, נאר אויך פאר די פארטיזאנער, ווייל די פארטיזאנער פלעגן הרגענען יידן. מיר גייען אלע און מיר זעען, אז עס שטייט א פארטיזאן מיט אן אווטאמאט אין האנט און ער רופט אונדז צו זיך. מיר האבן גלייך פארשטאנען, אז עס איז ניט פריילעך, מיר זענען צוגעגאנגען צו אים, האט ער געפרעגט, ווו געפינען מיר זיך, האבן מיר אים געזאגט אז מיר זענען דריי קילאמעטער פון דעם פלאץ, דעם אמת זענען מיר געווען איין קילאמעטער פון יענעם פלאץ, אבער מיר האבן נישט געטארט זאגן ווו מיר געפינען זיך. ער האט געפרעגט, צי מיר האבן געווער, האבן מיר אים געזאגט, אז ניין, ווו גייען מיר? האבן מיר געזאגט קויפן ברויט; דאן האט ער געזאגט, מיר זאלן אים אפגעבען די געלד, וואס מיר האבן; קיין סך האבן מיר נישט געהאט. וויפיל מיר האבן געהאט, האבן מיר אים אוועקגעגעבן. ווען ער האט געזען, אז מער גיט מען אים נישט, האט ער גענומען זוכן אין די טאשן, די ערשטע האט ער געזוכט ביי מיר, ער האט געפונען בלויז א טאשן־טיכל, ער האט עס געווארפן אויף דער ערד, דאן האט ער געזוכט בא יוסף פאדערסקי ווען איך האב זיך איינגעבויגן אויפהייבן מיין טאשן־טיכל, האט ער אנגעוויזן אויף מיר, אז איך וועל אין 5 מינוט ארום זיין א דערשאסענע. ווען מיין ברודער האט דאס דערהערט, האט ער געטראכט אז זיין גאנצע משפחה האט מען שוין דערמארדעט און יעצט פארמאגט ער בלויז איין שוועסטער און דער פארטיזאן וויל אויך זי דערמארדען — איז וואס בלייבט צו טאן? אזויווי בא מיין ברודער איז געווען א דובאווער שטעקן, האט ער א לאז געטאן דעם שטעקן עטלעכע מאל דעם פארטיזאן איבערן קאפ, דער פארטיזאן האט נאך אוספייעט איין מאל אויסשיסן און מיין ברודער האט געקלאפט מיטן שטעקן איבערן קאפ. אין דער צייט האט מיין קוזען אליעזר א נעם געטאן דעם אויטאמאט און איך האב ביי אליעזרן גענומען דעם אויטאמאט און א זאג געטאן צו יוסף פאדערסקי: לאמיר לויפן מיטן אויטאמאט, לויפנדיק האבן מיר דערהערט דריי שאסן, בין איך געווען זיכער, אז מיין ברודער איז שוין דערשאסן. ווען מיין ברודער האט אים געשלאגן איבערן קאפ, האט דער פארטיזאן ארויסגענומען א רעוואלווער פון טאש און געזאגט: „יעצט וועלן מיר רעדן“ און ער האט דריי מאל אויסגעשאסן, דאן איז מיין ברודער

מיט די איבעריקע מענער אנטלאפן, ווען איך בין געקומען אין זעמליאנקע, זענען שוין אלע דא געווען. יעצט האט זיך אנגעהויבן א פראבלעם ווו זאלן מיר זיך אהינטאן? דעם באנדיט האט מען געהרגעט און נישט דערהרגעט, ער וועט געזונט ווערן און ער וועט אונדז געפינען, זיינען מיר אוועק מיטן אווטאמאט פאר צוויי קילאמעטער מיט דעם געדאנק, אז מיר וועלן מאכן א צווייטע זעמליאנקע, אבער מיט וואס זאל מען מאכן? קיין זעג איז נישטא און קיין האק אויך נישט און דער פראסט איז גרויס, מיר האבן נאר איין לאפאטקע געהאט, האט מען אויסגעגראבן א גרוב אין דערביי איז געבליבן, מען איז געבליבן זיצן אין דער זעמליאנקע.

מיט וואס האבן מיר זיך גענערט? אונזערע 5 מענער פלעגן גיין אינמיטן נאכט גנבענען קארטאפל בא אונדזערע באקאנטע קריסטן פון די קעלערס, די קעלערס זענען געווען גאר נאנט פון זייערע הייזער. עס איז געווען געפונג ריזיקאליש, איבער נאכט פלעגט מען ברענגען פון 30 ביז 40 פוד קארטאפל, מען פלעגט ארײנשיטן אונטערן פאל, און ווען מען פלעגט אויפעסן די קארטאפל, פלעגט מען גיין נאך ברענגען, פון די קארטאפל האב איך געמאכט לאטקעס און קאשע־קארטאפליס און אפילו קניידעלעך, אויפן אפעטיט האט מען זיך נישט געקענט באקלאגן. דער באנדיט מיטקע האט געהאט 6 ווונדן אין קאפ פון מיין ברודערס שטעקן. ווען ער איז געזונט געווארן, האט ער אנגעהויבן אונדז זוכן, ער האט געה־געט עטלעכע יידן ווילנדיק, מען זאל אים וויזן אווו מיר געפינען זיך. ווען דער שניי איז צעגאנגען, האט מיין ברודער געפונען צוויי יונגע מענטשן געשאסענע, זיכער פון זיין האנט. מיין ברודער האט זיי מקבר געווען.

מיר גייען נאך זאלץ און דערוויסן זיך, אז מיטקען האט מען געהרגעט.

מיר האבן נישט קיין זאלץ, אונדזערע בייכער ווע־ן קראנק פון די קארטאפל וואס מען עסט אן זאלץ, מיט א פאר וואכן צוריק האבן מיר געגעבן אן ארימער קריסטן געלט, זי זאל ברענגען פון שטעטל זאלץ, מען דארף גיין ביינאכט אפנעמען, דער טייך ניעמען איז פריער געווען פארפרוירן. ווען עס איז געווארן ווארימער, איז אין מיטן טייך צעגאנגען דאס אייז און בא די ברעגעס איז געווען אייז, ווי אזוי זאל מען א־ריבערגיין דעם ניעמען? מיין ברודער זאגט, מען דארף אויסהאקן 10 בוימער הויכע און נישט קיין גראבע, און אוועקטראגן ביינאכט צום ניעמען, אוועקלייגן איבערן גייענדיקן וואסער די בוימער און אריבערגיין. עס זוערן אויסגעהאקט ביימער, מען נעמט צו צוויי בוימער און מען גייט אין מיטן נאכט, איך אויך מיט זיי. מיר אלע גייען. די פרוי בלייבט איינע אליין אין זעמליאנקע. אין דרויסן דרייט א שניי אז מען זעט נישט ווו צו גיין, דאך גייען מיר און מיר קומען צום ניעמען; מען פארווארפט די ביימער פון איין ברעג אייז אויפן צווייטן ברעג, מיר גייען אריבער דעם ניעמען און מיר קומען צו דער קריסטין, מיר וועקן איר אויף פ־ן שלאף, זי גיט אונדז עסן און זי גיט אונדז די זאלץ, מיר פרעגן בא איר וואס הערט זיך, זאגט זי אונדז, אז עס זענען געווען א סך דייטשן און זיי האבן זיך אנגע־טראפן מיט א פארטיזאן און מען האט אים געשאסן, מיר פרעגן, ווי האט געהייסן דער פארטיזאן, זאגט זי, אז מיטקע דער וואס מיר האבן אים צעקלאפט. מיט גרויס פרייד זיינען מיר געגאַנגען צוריק אין זאמ־ליאנקע. מיינע זאכן זענען געווען אויף מיר אינגאנצן הארט און פארפרוירן, א חוץ דעם האט מיר געריסן א גרויסער געשוויר אין באק, מיט פרימיטיווע מיטלען האב איך זיך אויסגעהיילט. פאר פורים, ווען דער שניי האט גענומען צעגיין, איז געווארן איבעראל וואסער, כדי אויסמיידן דאס וואסער, האבן צו אונדז פאר־בלאנדזעט 5 פארטיזאנער מיט א קאמאנדיר. ווען צירל מענדעלעווסקי איז ארויס, האט זי דערזען די פאר־טיזאנער, האט זי א זאג געטאן: „בעריל מען גייט". אז איך האב עס דערהערט, האב איך געזאגט צו די איבעריקע 4 מענער: כאפט דעם אווטאמאט און לאמיר לויפן, זיי האבן מיר געפאלגט, מיר זיינען געלאפן איבער די בלאטעס, ווו פון אויבן איז נאך געווען שניי, מיינע שיך זענען צעפאלן, איך בין געבליבן אינגאנצן באר־וועס. מיין ברודער און די צווייטע פרוי צירל זענען געבליבן לעבן דער זעמליאנקע, ווייל צירל איז שוין געווען אין ניינטן מאנאט און זי האט נישט געקענט לויפן און מיין ברודער האט זי נישט געוואלט לאזן אליין. איר מאן איז גראד געלאָפן מיט אונדז. ווען מיר זענען שוין אפגעלאפן א סאך, האבן מיר דערהערט, אז מיין ברודער רופט מיך, דאן האב איך געזאגט אז

דעם אווטאמאט זאל מען באהאלטן, אזוי האבן מיר געטון, און מיר זענען געגאנגען צוריק, מיר האבן געוויזן די פארטיזאנער א וועג וויאזוי ארויס גיין, ווהין זיי האבן געדארפט און זיי זענען אוועק, מיר האבן זיך געפרייט, וואס זיי האבן אונדז גארנישט געטון; אבער אין אפאר טעג ארום האבן מיר ווייטער דערזען פארטיזאנער, אבער דאס מאל איז שוין געווען אנדערש, עס האבן זיך אוועקגעשטעלט לעבן אונדזער זעמליאנקע 5 פארטיזאנער מיט פארשיידענע געווער, אפילו מיט א פולעמיאט, מען האט געהייסן אונדז אלעמען ארויסגיין פון זעמליאנקע און מען האט געפרעגט אונזערע אלעמענס נעמען, יוסף פאדערסקין האבן זיי גלייך געגעבן אפאר קלעפ און אים צעבלוטיקט. זיי האבן געמאנט מיטקעס אווטאמאט, ווייל ווען זיי האבן אונדז דערזען דאס ערשטע מאל, האבן זיי פארשטאנען אז מיר האבן צעקלאפט מיטקען און אפגענומען זיין אווטאמאט, האבן זיי געוואלט האבן זיין אווטאמאט. מיך האבן צוויי פארטיזאנער מיט געווער אפגערופען אין א זייט, איך זאל זיי זאגן ווו דער אווטאמאט איז, וועלן זיי אונדז נעמען אין אטריאד, און אויב איך וועל זיי נישט זאגן, ווען זיי מיך שיסן, אבער ווען די פארטיזאנער זענען געווען בא אונדז דאס ערשטע מאל, האבן מיר דעם אווטאמאט פארגראבן און גערעדט צווישן זיך אז וואס מען זאל מיט אונדז ניט טאן, זאלן מיר נישט אויסזאגן אז מיר האבן דעם אווטאמאט. איך האב געזאגט די פארטיזאנער, אז זיי קענען טאן וואס זיי ווילן, מיין לעבן איז מיר נישט טייער און זיי קענען מיך שיסן, אבער קיין אווטאמאט האבן מיר נישט, איך האב דערהערט פון זעמליאנקע צוויי שאסן, דאן האב איך געמיינט, אז מען האט שוין איינעם פון אונדזער גרופע געשאסן און באלד וועט מען אלעמען צעשיסן, אבער מען האט קיינעם נישט געשאסן, נאר איינעם פון אונדזערע גרופע האט מען זייער שטארק צערהרגעט מיטן פריקלאד פון א ביקס, יוסף פאדערסקין האבן זיי מיטגענומען מיט זיך און צו אונדז האבן זיי געזאגט, אז מיר זאלן אין ערגעץ נישט אוועקגיין, ווייל זיי וועלן אונדז איבעראל געפינען. ווען זיי האבן פאדערסקין אפגעפירט א הונדערט מעטער, האבן זיי אים געהייסן לויפן און זיי האבן אויסגעשאסן אין דער לופט, מיט דעם האט זיך עס געענדיקט.

דאס איז געווען א דאנערשטיק אדער א פרייטיק, צירל מענדעלעווסקי גייט צו קינד, איך ווער א אַקושערקע, איך שיק ארויס אלע מענער, איר מאן בלייבט מיט מיר, איך צעשנייד א זעקל, פארשפרייט אויפן פאָל. אין זעמליאנקע איז פינסטער, אונדזער ליכט איז די גאנצע צייט די קארע פון די יונגע בערעזעס אפגעשיילט און עס דרייט זיך אויף ווי א ליכטל און ווען עס טריקנט זיך אויס, ברענט עס מיט א גרויסן רויך, מיט די ליכטלעך לייכט מיר איר מאן, איך העלף איר ווי א אַקושערקע און עס ווערט געבוירן א יינגעלע מיט גאָלד צו גלייך. מען באשליסט, אז ער וועט הייסן יאָסעלע, ווייל די דייטשן האבן געשאסן איר ערשטן זון, וואס האט געהייסן יאָסעלע.

מיר זענען שוין א גרופע פון 8 פערזאן, מיין ברודער גייט ביינאכט צו די קריסטין, געפינט א קעסטעלע, וואס חזירים האבן דערפון געגעסן און וואס די קי האבן דערפון געגעסן, מען ברענגט עס אין זעמליאנקע, פון דעם קעסטעלע מאכט מיין ברודער מיט א מעסערל א וויגעלע מיט 4 שטריק; ער הענגט עס אויף צום באלקן, מען וויגט שוין דעם זון, אין צובער גיס איך אריין הייס וואסער און איך באד אים.

דאס קינד איז געבוירן געווארן און עס איז נישטא מיט וואס עס איינוויקלען; דער פאטער באשליסט גיין צו א קריסטין בעטן שמאטקעס, עס איז א קילאמעטער גאנג איבערן סענאָהאָס. דער שניי איז צעגאנגען און עס איז איין אויסגאס פון וואסער. ער גייט מיטן וואסער, דאס איז פאר פורים, און עס איז נאך גענוג קאָלט, ער קומט צו דער קריסטין, זי גיט אים א גאנץ זעקל שמאטעס, ער גייט א גליקלעכער אהיים, דאס הייסט אין וואלד, מיר ווארטן א לאנגע צייט, דער פאטער פון קינד איז נישטא, מיין ברודער זאגט, מען דארף גייען זען, וואס איז געשען, אפשר טרינקט ער זיך; מיין ברודער נעמט מיט אליעזרן און יוסף פאדערסקין, מען נעמט מיט א גרויסן שטעקן און מען גייט, מען קומט אויפן סענאָקאָס און מען הערט א שטימע פון א מענטשן „יידן, איך טרינק זיך“. מען גייט צו נענטער, מען זעט אז דער פאטער פון קינד שטייט ביזן האלדז אין וואסער און ער טרינקט זיך, מיין ברודער דערלאנגט אים דעם שטעקן און שלעפט אים ארויס, ער איז בלייך און טרייסלט זיך, מען נעמט אים אהיים, אלע זענען נאסע.

וואס איז געשען: אויפן סענאַקאָס איז געווען אַ טיפע אזערע, אזא מין רונדער שטייענדיקער טייך, ווען דאס וואסער האט זיך צעגאסן, איז געווען איין אויסגאס און מען האט נישט געזען ווו די אזערע איז, און ער איז אריין פונקט אין אזערע, ווען מיין ברודער גייט נישט, וואלט ער זיכער זיך געווען דערטרינקען.

ביינאכט וויינט דער זון, ער איז הונגעריק, די מוטער עסט ווייניק, ווייל זי האט נישט וואס, און זי האט נישט וואס צו געבן איר קינד, דאס קינד וויינט, לאזט אונדז נישט שלאפן, מיר אלע שווייגן, דער פאטער וויגט דאס קינד און שילט זיך אז ער וואלט געדארפט בעסער קרענקען איידער עס איז געקומען דערצו, אז עס זאל געבוירן ווערן א קינד אין אזוינע אומשטענדן. מיר אלע לאכן פון אים, די צייט גייט, דאס קינד וואקסט, עס איז שוין נאך פסח, מיר באשליסן גיין אין צווייטן וואלד, געפינען די מירער יידן, דערוויסן זיך אייניקע פרטים. מיר שטייען אויף ביינאכט, איך און מיין ברודער און מיין קוזין אליעזר, מיר גייען ביינאכט, ווייל בייטאג קענען מיר אנטרעפן פארטיזאנער אדער פאליציי, מיר גייען אריבער דעם טייך, מיר קומען אין יענעם וואלד ווו די מירער געפינען זיך. מיר וויסן אז אויף די מירער איז געווען אן אבלאווע, מען האט צעבראכן זייערע בונקערס און זיי זענען זיך צעלאפן, און 4 מענטשן האבן די דייטשן געכאפט, אריינגעטריבן אין טייך און זיי דערטרונקען.

מיר גייען טיפער אין וואלד און געפינען א בונקער, מיין קוזין גייט אראפ אויף עטלעכע טרעפלעך, ער הערט מען כראפעט, ער קומט ארויס און זאגט אפשר זענען דארטן וועלף; מיין ברודער הייסט דעם קוזין נאָך אמאל אראפ גיין, פלוצים באווייזן זיך פון בונקער פארפעל פון נעמיזיזש מיט א זון און שנור און טעוויל ראזאָווסקי פון דער־מיר און פיניע מענדעלעוויטש. מען האט זיך דערפרייט מיט אונדז און אוועקגעפירט צו די איבעריקע יידן פון דער־מיר, דארטן איז נאך געווען 60 מאן, זיי זענען געשלאפן אונטערן פרייען הימל. מיר האבן דארט פאַרבראַכט א גאנצן טאָג און אין אוונט זענען מיר געגאנגען צוריק. פון דענסטמאל אן פלעגן מיר גיין אלע וואך צו זיי צו גאסט, נאכער האבן מיר באשלאסן אריבער גיין צו זיי. מיין ברודער האט אויסגעבויט א בודקע און מיר זענען געווען צוזאמען מיט די מירער, דארטן האט זיך אויך געפונען הירשל פערניקאוו מיטן ווייב שרה. שרה איז פארגאנגען אין טראגן. אין דער צייט, ווען איך בין געקומען צו זיי, איז זי געגאנגען צו קינד, מען רופט מיך צו איר, אין א האלב צעפאלענעם בונקער ליגט זי; איך ווארים אָן א עמער וואסער, איך זיץ און ווארט, איך פרעג איר מאן, צי ער האט שוועבעלעך, ער זאגט אז יא, ער נעמט די שוועבעלעך אנרייבן, עס ברענט נישט, דער מאן גייט זוכן שוועבעלעך אויף א צווייטן לאגער, דאס איז א קילאמעטער, מיר ביידע פרויען בלייבן אין בונקער, עס איז שוין פינסטער, עס ווערט געבוירן א מיידעלע, איך נעם דאס קינד, באָד עס אויס אין עמער וואסער, וואס איז שוין קאלט געווארן, איך וויקל איין דאס קינד, אין דער מינוט הויבט זיך אן ברעכן די סטעלע איבער אונדזערע קעפ, אויפן סטאל ליגט טאנען־ערד אנגעשאטן, איך פיל אז אט אט ווערן מיר פארשאטן, איך זאג צו שרהן: קום ארויס, ווייל מיר ווערן באלד פארשאטן, שרה שטייט אויף און מיר קריכן ארויס פון בונקער, איך האלט דאס קינד אויפן האנט, איך נעם א דערושקע און שפרייט אויס אויף דער ערד, איך הייס זיך איר לייגן, איך וויקל זי ארום מיט דער דערושקע, נעם אראפ פון זיך דאס פעלצל און דעק זי צו. אין דרויסן איז שוין נאכט, עס קומט איר מאן מיט שוועבעלעך, מען באשליסט גיין נאך מענטשן אריבערטראגן זי אין א צווייטן בונקער, אבער יענער בונקער איז אויך איינגעפאלן, וואס זאל מען טאן? מען באשליסט טראגן זי צו אונדז אויפן לאגער, נעבן מיין בודקע איז צוגעבויט נאך א בודקע, וועט מען זי דארט אריינלייגן, דאס איז א קילאמאטער גאנג. איך טראג דאס קינד און פיר מענטשן טראגן די געווינערן, מיר קומען צו דער בודקע, עס איז שוין 12 ביינאכט, מען לייגט זי אריין אין דער בודקע. איך נעם צו זיך דאס קינד, אויף מארגן האב איך ערשט געבראכט די געווינערן אין ארדענונג.

מיר זענען געווען איבערן זומער אויף יענעם לאגער, און געהאט גענוג אויסצושטיין. דאס איז געווען אין 1943 דעם 15טן יולי, איז געווארן אן אבלאווע אין דער גאנצער געגנט, אין א פרימארגן זענען די דייטשן איבעראל געווען, אבער מיר האבן נישט געוווסט פון דעם. ווען איך מיט מיין ברודער זענען געגאנגען אין דארף בעטן ברויט, האט מיר א קריסטין

געזאגט: וווהין גייסטו? איבעראל זענען דייטשן. מיר
זענען געגאנגען צוריק אין וואלד און געווארנט אלע
יידן, מיר כאפן אונדזערע פעקלעך און גייען אין א
צווייטן וואלד, די גאנצע גרופע יידן רינגלען אונדז
ארום, מען וויל נישט אפטרעטן פון אונדז ווייל מיין
ברודער קען אלע וועגן. צירל מענדעלעוווסקי איז מיטן
קינד אויפן האנט, דאס קינד איז שוין אלט 4 מאנאטן,
עס קוויטשעט אויפן גאנצן וואלד, עס ווערט א שיסע־
ריי, די דייטשן קומען אן און זעען א פרישן אויסגע־
טאפטשעטן וועג, מיט דעם וועג גייען זיי גלייך אין
וואלד, ווו מיר זיצן שטילער־הייט. דאס גאנצע גליק איז
וואס דאס קינד איז איינגעשלאפן. מיר זענען דאן גע־
ווען א גרופע פון 25 פערזאן, 5 טעג זענען מיר געווען
ארומגערינגלט פון די דייטשן ביז זיי זענען אוועק.
אין א מאנאט ארום האט מען באשלאסן צו פארלאזן
דעם וואלד און אוועקגיין אין נאליבאָקער פושטשע. דאס
איז געווען 75 קילאמעטער, מיר אלע זענען געגאנגען
צופוס, די ביידע פרויען מיט זייערע קליינע קינדער
אויך, נאך צוויי טעג זענען מיר אנגעקומען אין ביעלס־
קיס אטריאד, אבער ביעלסקי אליין מיט זיינע באַוואַ־
פנטע מענטשן זענען געווען אויפן ראיאן. אויפן פלאץ
איז געווען קעסלער דער קאמאנדיר. אין דעם זעלבן
טאג וואס מיר זענען געקומען, איז אנגעפארן ביעלסקי
מיט זיינע מענטשן, די משפחה איז געווארן גרויס, עס
האט זיך צוזאמענגעקליבן 1200 מאן. ביעלסקי האט
איבערגענומען די מאכט, מען האט געמאכט ווארשטאטן
פון שניידער און שניידערקעס, שוסטערס, סטאָלאַרעס,
פריזירער און אפילו פון זייגערמאכער, איך בין געווען
א לייטערין בא די שניידערקעס. איך האב געארבעט
זייער אסאך, ווייל איך בין געווען פאראנטווארטלעך
פאר דער ארבייט. דערפאר האב איך באַקומען בא דער
פּאַסטראַיעניע א דאנק, וועלכן דער קאמאנדיר ביעלסקי
האט איבערגעלייענט. דאס האט נישט יעדערער גע־
קראגן. אויך איז מ׳יר אויסגעקומען אסאך מאל שטיין
אויפן פאסט ביינאכט אין די גרויסע פרעסט, יינגערע
פון מיר זענען נישט געשטאנען אויפן פאסט, ווייל אי־
בעראל דארף מען האבן פראטעקציע. אפזייענדיק א
יאר בא ביעלסקין אין אַטריאד, דאס איז שוין געווען
אין 44טן יאר אין יולי, האבן די דייטשן אנגעהויבן
אפטרעטן, די פארטיזאנער האבן איבעראל איבערגע־
האקט די וועגן און געכאפט לעבעדיקע דייטשן. דאן
האט מען ארגאניזירט אז אונזערע באַוואפנטע פארטי־
זאנער זאלן אלע ליגן מיט געווער אין דרויסן לעבן
שטאב. צווישן זיי איז געווען מיין ברודער, האבנדיק
א ביקס, וואס איך האב אים אפגעגעבן. דאס איז גע־
ווען א מתנה פון מיין איצטיקן מאן בערקאוויטש, ווען
ער איז געקומען פון דער טשקאלאווסקער בריגאדע צו
אונדז צו גאסט. מיין ברודער איז געקומען פון שטאב
מיט דער ביקס און זיך געלייגט שלאפן, איך בין גע־
גאנגען אין ווארשטאט. פלוצלינג איז געווארן א שיסע־
ריי, אונדזערע באוואפנטע פארטיזאנער האבן אנגעהויבן
לויפן מען האט דערזען דייטשן איז מען געלאפן זיי
כאפן, ווען אונזערע פארטיזאנער זענען געלאפן אין איין
ריכטונג, זענען פון דער צווייטער ריכטונג אנגעלאפן
הונדערט דייטשן און די שיסעריי איז געווארן זייער
גרויס. איך האב נאך אלץ גענייט, ביז איך האב דער־
הערט, ווי דער קאמאנדיר האט געשריען, מען זאל
דערלאנגען דעם פולעמיאָט, דאן האב איך פארשטאנען,
אז עס איז נישט קיין שפיל און איך בין געלאפן אויפ־
וועקן מיין ברודער. ווען איך בין געלאפן, זענען די
קוילן געפלויגן ווי האגל, איך בין ארייינגעלאפן אין
זעמליאנקע, מיין ברודער האט זיך שנעל אנגעטאן און
גענומען די ביקס, אין דער צייט האט זיך ארייינגע־
קייקלט דורכן פענסטערל א געראנירטער שניידער פון
נאוואגרודעק איינער מיטן נאמען שמחה, אין אפאר מינוט
ארום האט זיך באוויזן אין פענסטערל א דייטש, מיין
ברודער האט אויף אים אויסגעשאסן און האט אים
געראנירט אין פוס, די דייטשן זענען געווען נאענט
און האבן דערלאנגט א שיסעריי אויף אונזער זעמ־
ליאנקע, האט מיין ברודער געזאגט: אסתר לויף נאך
מיר, מיר זענען ארויסגעלאפן פון זעמליאנקע. די קוילן
זענען געלאפן ווי א רעגן, מיר זענען געלאפן אויף די
בלאטעס און געזעסן ביז עס איז געווארן שטילער.
ווען מיר זענען געקומען צוריק אויף אונזער לאגער,
איז געווען 8 יידן געהרגעטע, צווישן זיי אברהם זשוק.

די שווערסטע זענען געווען די טעג פארן פאר־
לאזן דעם וואלד, ווייל פון אלע זייטן פלעגט מען שיסן
און מען האט נישט געוווסט אין וועלכער ריכטונג צו
לויפן. אין אונדזער אָטריאד זענען געווען פיל אלטע
לייט און אסאך קליינע קינדער, איז די פאניק געווען
נאך גרעסער ווי געוויינל׳יך. אויפן דריטן טאג נאך

דער באגעגעניש מיט די דייטשן זענען מיר אלע ארויס פון וואלד קיין נאוואגרודעק, צוויי טעג זענען מיר געגאנגען צופוס, אין נאוואגרודעק האט מען אונדז געגעבן צייטווייליקע דאקומענטן, און יעדערער איז געגאנגען אין זיין שטעטל. איך און מיין ברודער מיט די פלעצאקעס אויף די פלייצעס האבן געטראפן רוסישע סאלדאטן, וואס זענען געפארן אין דער־מיר, מיט זיי זענען מיר געקומען אין שטעטל. מיט א גרויסן ווייטיק אין הארצן בין איך צוגעגאנגען צום פלאץ, ווו מיין הויז איז געוועזן און ווו איך האב געבוירן מיינע דריי קינדער און זיי דערצויגן. עס איז שווער געווען צו דערקענען, אז אמאל איז דארטן געווען א הויז מיט דריי שטאלן, די קריסטן האבן דארטן פארזייט קארטאפל און בעבלעך, און עס האט גאנץ שיין געוואקסן.

מ. לידער־סווירנאווסקי

# אפגעקומען מיט שרעק

## א נייער קאמענדאט

צושראקענע פארזארגטע פנימער, וואס איז געשען, א נייע גזירה? יע, עס איז אנגעקומען א נייער קאמענדאנט פון טורעץ, א צורר, א גזלן, א בלוטדורשטיקע פיאווקע. די שרעקלעכע נייעס גיט זיך גלייך איבער פון מויל־צו־מויל. מען הויבט זיך אן וואס וויניגער צו באווייזן אין גאס, ניט זיין אויף די אויגן איז דער בעסטער מיטל. דער טאג גייט צום סוף, מיטן אנקומען פון דער נאכט דערפילט מען זיך זיכערער. דאך איז אין דער פינסטער לייכטער צו אנטרינען. א קלאפ אין פענסטער, א שליח פון יודן־ראט: מארגן פרי 8 א זייגער שטעלען זיך אין מארק פלאץ אין עלטער פון 15־60. די נאכט איז געווען א שלאפלאזע, פון אונזער ערפארונג האבן מיר געוווסט, וואס עס בעדייט דער מארק. שטילערהייט אין הארצן זעגענט מען זיך מיט די נאענטע און טייערסטע. עס עגבערט דער געדאנק ווער ווייסט צי מארגן וועלען מיר נאך זיין צוזאמען, ווער ווייסט, מארגן... מארגן...

דער ערשטער קרבן פון דעם נייעם קאמענדאנט איז צופעליג געווען ניט קיין ייד. א פויער פון א שכנותדיגן דארף, אויף וועמען א צווייטער פויער האט געהאט א כעס, האט אים איבערגעגעבן צום נייעם קאמענדאנט. אז מען איז געקומען אים אבפארטיקן, האט מען פאר אים געקארגט א קויל, אדער פון הנאה וועגן געוואלט אים פייניקן. דער פויער איז געווען זייער א געזונטער, און האט געמאכט א זעלכע געוואלדען אז אין גאנצן דארף ארום האט מען געהערט. האט מען באשלאסען אים שטיל צו מאכן אויף א אנדערן אופן, מען האט אים אנגעטאן א פאס אויפן האלדז און פשוט דערשטיקט. מיר האבן געזען ביינאכט, ווי אויף א נאנטען גארטן באוועגט מען זיך מיט נאפט לאמפן, דאס האט מען מקבר געווען דעם פרישן קרבן, דערביי האט מען גענומען פון זעלבען הויז עטלעכע אידן צו דער ארבייט און ביי דער געלעגענהייט געמאכט מיט זיי מושטרע. צו מארגנס 8 א זייגער פרי האבן זיך אלע ארויסגעשאטען פ׳ן די הייזער. דערשראקענע, רעזיגנירטע. צום גליק איז יענעם טאג גארניט פארגעקומען. דער נייער קאמענדאנט האט באוויזן א שיינעם זשעסט און האט קיינעם ניט אגגערירט, ער האט בלויז פאראדרעט צו גיין יעדען טאג צו דער באשטימטער צייט צו דער ארבייט.

ער האט זייער גוט געוווסט, אז די מירער יידן וועלן פון אים ניט אנטלויפן, ער וועט אלע מאל האבן די מעגלעכקייט זיך אויסצובאדן אין זייער בלוט. ס׳איז כדאי צ׳ באמערקן, אז די ערשטע צייטן פון זיין אנקומען אין דער מיר, האט א לערער פון א נאנטן דארף א געוויסער וולאדימיר פעטראוויטש צאריק געהאט אויף אים א ווירקונג, אז ער פלעגט אנהויבן בושעווען מיט די אידן, פלעגט מען גלייך זיך ווענדן צו צאריקן און פלעגט אים איינגעמען. ס׳איז אבער געווען ניט אויף לאנג. אין די שפעטערדיקע צייטן האט שוין אויך צאריק ניט געהאלפן און מען האט זיך אויפגעהערט צו ווענדן צו אים.

## באנעך־קאפע

א געוויינלעכער פרייטאג. פאר אונז איז ער שוין גארניט געוויינלעך דער מיט אליין, וואס מיר זיינען ארונטערגעפאלן אונטער א רשעדיגער מאכט, ווען דעוויז ס׳איז יידן־פארניכטונג. עס קומט אריין א מיליטער מאן פון א העכערער ראנגע, ער פרעגט דעם ווירט, איך מעלדע זיך אלס ווירטן. אויפן הויף איז דא א געמויערטער קעלער, ער בעט דעם שליסעל פון דארט, איך דערלאנג אים, מיטן ווונק ווייזט ער, איך זאל מיטגיין. כ׳בין זיכער, אז ער וועט מיך שיסן אין קעלער. פארוואס ניט? איך פארהאלט זיך רואיק, מיינע בני־בית לויפן ארויס נאך מיר אין גרויס שרעק, כ׳פארשטיי, אז אויך זיי טראכטן דאס זעלבע. ער הייסט מיר אויפשליסן און ארייגגיין די ערשטע. דער פחדן האט מורא פאר אויפרייסן און אפשר ווען טאקע די ווענט אנהויבן שיסן? ער באטראכט א ווײלע דעם אינערליכן אויסזען, גייט ארויס, איך נאך אים. כ׳פארשליס און ער נעמט צו דעם שליסל און גייט אוועק. אלץ קומט פאר אויפן ווונק. קודם דערפרייט מען זיך מיט מיר, דער געפונענער, אבער מען קען ניט פארשטיין דאס צונעמען דעם שליסל. ד.ה. אז די שפיל איז נאך ניט געענדיגט. נאך האלבן טאג שיקט ער אפ דעם שליסל. ווייטער גוט.

אוונט, אלע זענען שוין אין שטוב. עס איז שוין די שפער־שטונדע. שטיל, קיין באוועגונג ארום, קיין ליכט אין די פענסטער אלע ווי אויסגעשטארבן, בלויז די לבנה האט אין שיינען. איר גייט גארניט אָן, איז זעלבשטענדיג און ווארפט זיך ניט אונטע־ קיין באפעלן. פלוצלונג א סיגנאל פון א פייפל. מיר קוקן זיך איבער. וואס זאל דאס באדייטן? פון דערווייטן באווייזן זיך סילועטן פון מענטשן. מיטן דערנענטערן זיך אונטערשיידן מיר מיליטער־לייט און 2 ציווילע. זיי גייען גלייך צו אונזער שטוב. ס׳איז דער זעלבער אפיצער מיט עטלעכע זעלנער. די ציווילע איז גליקסמאַן, א פליט פון לאדזש, און אפרים סינדער. די 2 אידן זענען טויט דערשראקן. אז ער האט גענומען גילקסמאנען, האט ער אים געפירט זיך זעגענען מיט די משפחה, ווייל זיי וועלן זיך שוין קיינמאל ניט זען, מסתמא האט ער דאס זעלבע געזאגט אויך אפרים סינדער. דער אפיצער פרעגט גלייך אויף מיר. איך קום צו, עס פאלן 2 ווערטער: באַנעך־קאפע! איך קלער אים אויף, אז קיין באנעך־קאפע האב איך גראדע ניט, כ׳לייג אים פאר פארשידענע אנדערע זאכן, וועלכע האבן צו יענע צייט געהאט א ווערט. דער ענטפער איז איינער: באנעך־קאפע. פון מינוט צו מינוט ווערט ער מער אויפגערעגט און מיר מער צוטומלט. צווישן די זעלנער געפינט זיך איינער, וואס רעדט פויליש. „ראטעוועט זיך און גיט אים באנעך־קאפע" אבער ווו נעמט מען? לסוף פאלט דער באפעל: אלע ראאוס! פון קליין ביז גרויס פארלאזן אלע די שטוב. די שלאפנדיקע קינדערלאך, די קלייניקע אומגליקלעכע עופהלעך, וועלכע פארשטייען נאך גארניט, וואס עס גרייט זיך, וויקלט מען זיי איין אין קאלדערעס, די מאמעס האבן מורא, די קינדערלאך זאלן זיך חלילה ניט צוקילען, מען טראגט זיי ארויס פון שטוב און אלע שטעלן זיך אין איין ריי. דער גזלן שטייט אנטקעגן און שפילט זיך מיטן רעוואלווער. ער גיט צו פארשטיין אז אויב ער באקומט ניט דאס פארלאנגטע „פאסירט .וואס". דער באקאנטער פזמון. ד.ה. אז אויף זיין בארימהארציקייט זאלן מיר ניט האפן. בלויז מיר ערלויבט ער לויפן ברענגען באנעך־קאפע. כ׳לויף צו די שכנים ארום, ווער עס האט ניט און ווער עס האט און רעזערווירט דאס, אפשר וועט ער באלד אליין דארפן אויסקויפן זיך און זיין משפחה. איך לויף ארום ווי פארסמט. און די צייט שטייט ניט. דער מח ארבעט אינטענסיוו, ווי ראטעווע איך זיי? ווידער אמאל און נאכאמאל לויף איך אריין אין שטוב, כ׳רייס מיט די אויגן די ווענט. זאל געשען א נס!!!

און פלוצלונג... פלוצלונג פאלן מיינע אויגן אויף א בלעכענע שאכטל פון זיסווארג. מיטן גרעסטן אימפעט רייס איך איר אויף און געפין דארט א פארגעסענע שאכטל פוקס־קאקאא. מיין איינציגע האפנונג. איך לויף ארויס מיטן גרויסן געווינס. דערלאנג דאס אים, ער באשמעקט דאס, באטאפט, שאקאלאט! גוט. א קאמאנדע־זיך פארנאנדערגייך, מיר קארגט ער ניט עטליכע גוטע קלעפ אין קאפ, וועלכע כ׳האב אויפן מאָמענט גארניט געפילט. מידע, פערשעמטע, אבער גליקלעכע גייען מיר אריין אין שטוב, שעפטשענדיק שטילערהייט גאט צו דאנקען אבגעקומען מיט שרעק.

ווי עס האט זיך צומארגענס ארויסגעוויזן זיינען מיר ניט געווען די איינציגע, מיט וועמען דער סא־דיסט האט זיך ערלויבט זיין שפיל.

### האקנקרייצן אויף די טירן

זומער פארטאג. מיר ליגן אלע אויסגעלייגט אויף דער פאדלאגע. קיין ברעקעל ליידיקע פלאץ. מיר שלאפן אונזער ניט רוהיקן שלאף. פלוצלונג א זעץ אין טיר, וועלכע גיט זיך א פראל אויף. אין טיר בלייבט שטיין א הויכער דייטש מיט א גזלניש פנים. מיר גיבן זיך אריס אויף פון די ערטער, דער שלאף פארשווינדט מאמענטאל פון אונזערע אויגן. מיט א פייף און א האנט באוועגונג, וועלכע באדייט: „טראגט זיך ארויס פון דאנען", גיט ער צו פארשטיין, וואס ער מיינט. מיר פארלאזן אין איילעניש דעם צימער. דאס הארץ קלאפט ביז צום ארויסשפרינגען. ער קוקט זיך ארום, וואס ער האט דא צו טאן, אגב, ווער עס קומט אים אויף די אויגן, אויף יענעם הויבט ער זיינע אייזערנע הענט און לאזט זיי אראפ מיטן גאנצן כח. ער באפעלט אונז אויסצופוצן 2 צימערן, וואו ער דארף איינארדענען זיין הויכן אפיצער. מיט דער גרעסטער פינקטלעכקייט פילן מיר אויס זיין באפעל, מיר ווילן פארמיידן אלע סיבות, וועלכע קענען רייצן דעם רשע. ביים ענדיקן אונזער ארבייט דערזעען מיר אויף אלע טירן, וואס פירן צום צימער האקנקרויצן מיט דער אויפשריפט: „צוטריט פאר יידן פארבאטן".

מיר ווערן אויפגעטרייסלט, דאס איז איין אנ־



הויב — טראכטן מיר. די שטוב איז אנגעפראפט מיט מענטשן. מיטן צונעמען ביי אונז 2 צימערן ווערט נאך ענגער, אבער, ווער פילט דאס? מען רעדט שטיל איינהאלטנדיק דעם אטעם, אפילו די קלייניקע קינדערלאך פארהאלטן זיך שטיל. וועגן עסן און דער טאג־טעגלעכער ארבייט — איז אפגערעדט. דער איינציקער פארלאנג איז, אז דער גזלן זאל וועגן אונז ניט געדענקען.

אין יענעם טאג האב איך געהאט מוט און ווילן „איינצובייסן" דעם גזלן און דערמיט פארמיידן שלעכטע פאלגן. עס איז דאך נאך געווען פאר וועמען, די גאנצע משפחה האט נאך געלעבט. איך בין אים נאכגעגאנגען מיט מיין גרייטקייט אלץ צו טאן פאר אים. האט ער מיר געגעבן פוצן זיינע שטיוול, האב איך געפוצט, האט ער מיר געגעבן וואשן און פאר־ריכטן זיינע זאקן, האב איך דאס אויך געטאן. כ'ווייס ניט, צי ער האט מיך געמיינט דערמיט צו דער־נידעריקן, אדער פשוט אנשטאט אים זאל איך דאס טאן. — א פאקט איז, אז נאכן פארענדיקן אלע אר־בעטן האב איך דערזען, אז עס איז אפגעמעקט גע־ווארן דער האקנקרויץ און צוזאמען מיט אים אויך די ווערטער „פאר יודן", ס'האט געלויטעט „איינטריט פארבאטן". אין יענעם מאמענט איז דאס געווען א גרויסע סאטיספאקציע פאר אונז.

עס האט זיך געטראכט: גאָט צו דאנקען, אפ־געקומען מיט שרעק.

# אין יידן־קווארטאל

צומארגנס נאך דער שחיטה. קיין לעבעדיקער נפש אין די גאסן. בלויז פאליציי באוועגט זיך פריי. אפילו די פויערים מיידן אויס צו באווייזן זיך. זיי האלטן, אז מיט די יידן האט זיך אנגעהויבן און מיט זיי וועט זיך ענדיקן. דאך האבן די פויערים נאך געלעבט, געזעסן אין זייערע הייזער, געשלאפן אין זייערע בעטן און געגעסן צו דער זאט.

ס'האט זיך איינגעשטעלט א סטאביעלע דייטשישע מאכט מיט מייסטער היין בראש. אז ער איז דורכגעגאנגען דעם ערשטן מאל די שטעטל, וואו פון יעדן ווינקעל האבן ארויסגעשריען בלוטיקע סילועטן פון די קרבנות, האט ער באמערקט, אז דא איז פארגעקומען איין „גרויסע שווינעריי" מען האט די אידן געשאסן, ווי די הינט אין די גאסן. אז ער, מייסטער היין, האט דורכגעפירט די שחיטה אין שטעטל ליאכאוויטש זיינען ביי אים אלע יידן געגאנגען אין „פערטעלאך" צו די גריבער. ארדענונג מוז זיין. מען דארף צוגעבן, אז מייסטער היין איז פון נאטור קיין סאדיסט ניט געווען, האט ער אבער באקומען באפעל, האט ער אים אויסגעפירט מיט פולער פינקטלעכקייט.

דא און דארטן הערט מען שיסן. יעדער שאס טרייסלט אונז אויף, מען גייט אונז אויסענדיקן. אויך די פויערים מיינען דאס זעלבע, האפנדיק ווידער אפצולעקן א ביינדל. די שרעק פארן לעצטן אקט נאגט אונז אויס דאס לעצטע ביסל חיות, די שרעק פארן אייגענעם שאטן, פארן אפהילך פון אונזערע אייגענע טריט אויף די ליידיקע גאסן, אונזערע גאסן, טויטע, ווי בית הקברות גאסן.

און אז מיר זיינען מיד געווארן און ממש ניט געהאט קיין כח צו שרעקן זיך מער, האבן מיר אויף א ווילע שלום געמאכט מיט אונזער לאגע, טראכטנדיק, אז מיט וואס זיינען מיר בעסער פון אלע אונזערע, אז מיר זאלן אויסמיידן דעם גורל? איין אונטערשייד איז: זיי דערמאנען מיר, אונז וועט שוין ניט זיין ווער עס זאל דערמאנען, מיט אונז וועט זיך אלעס ענדיקן.

און די קינדער? דער צער פון די קליינע קינדער, זיי האבן באנומען זייער גורל, נידערשלאגענעביים געדאנק אז זיי וועלן ליגן צעשאסענע און די פויערישע קינדער וועלן חוזק מאכן פון זיי, קוקנדיק אויף זייערע טויטע קערפערס. און א בונט האט זיך געוועקט אין זייערע יונגע מוחות און א געפיל פון נקמה האט ערוואכט אין זיי. דער יודן־ראט פירט דורך א רעגיסטראציע פון די 350 לעבנגעבליבענע יידן, וועלכע זיינען צעווארפן אין פארשיידענע טיילן פון שטעטל. ס'קומט א פארארדענונג צו קאנצענטרירן אונז אין איין ארט, צו האבן אונז צו יעדער צייט אויפן אויג. עס ווערט געבילדעט א ניט גרויסע געצאמטע געטא, דער א.ג. יודן־קווארטאל. א 4־עק, וועלכער נעמט ארום טיילן פון פאלגענדע 4 גאסן: שול־הויף, זאוואלנע, טאטארסקי און וויסאקע. די פויערים, וועלכע לעבן אין דעם שטח, זעצט מען איבער אין די עטלעכע אידישע הייזער וועלכע די שרפה האט אויסגעמיטן. נאטירליך, זיינען זיי ניט צופרידן. וואלט דאס געשען פאר דער שרפה, וואלטן זיי זייערע קליינע נידעריקע כאטעס אויסגעביטן אויף די רחבותדיקע יידישע הייזער. יעצט האט ער ניט קיין פלאץ פאר זיך, פאר זיינע בהמות ניט קיין שטאל, ניט קיין שייער, ער וויס אבער, אז זיין גלות וועט זיך לאנג ניט ציען, ער האט שוין געזען, וואס מען טוט מיט יידן.

אויפן יודן־קווארטאל האט צוזאגן, אויסער דער דייטשישער אויך די ציווילע מאכט — דער בירגערמייסטער בעלאנאוויטש, א לאדזער פישער. פאר אים האבן מיר קיין מורא ניט. אין ערגסטן פאל וועט דאס אויסגיין צו געלט. באקומט ער טאקע פון יודן־ראט א מאנאטלעכן געהאלט. איז דאס ניט צו דער באשטימטער דאטע, שיקט ער ארבייטער צו צאמען דעם געטא. באצאלט מען, רופט ער זיי אפ. גייען

מיר פון דער ארבייט ניט אין „פערטלאך" אדער מיט א פאר מינוט פריער, קומט ער אן אנטקעגן און נעמט ארויס זיין זייגער, ווייזט מיר שוין, אז ער וועט עפעס אויפשפילען, אין א קורצע ווײלע איז ער אין יודן־ראט מיט קללות און געוואלדן, אגב דארף ער ליילאכער. און אזוי שפילט ער זיך מיט אונז.

ס'איז אונז זייער ענג. איינגעשטיקט און איינ־געפרעסט. מיר ווינשן זיך, עס זאל אונז חס־וחלילה ניט ווערן פריי, אז ענג זאל אונז זיין, ביז דער ישועה, דאס ווארט „ישועה" איז ניט אראפ פון די ליפן. מיר ווינטשן זיך, אז מיר אלע זאלן דערלעבן די ישועה, אבער זי איילט זיך ניט צו קומען.

יעדן טאג גייט מען ארויס צו דער ארבעט. ווער צו פאכאווע, ווער אין ספירט־זאוואד און ווער אויף די וועגן. גייט מען אוועק, איז מען גארניט זיכער, אז מען וועט זיך צוריק קערן פון וועג. דייטשן פארן דורך און קענען גאנץ אונגעשטערט ארויסלאזן א סעריע קוילן פון מאשין־געווער, ווי ס'האט נישט איינמאל פאסירט. מיר ארבעטן אויף א שטרעקע ביז 10 קילאמעטער פון שטאט. דער ווינטער, ווי גע־ווײנליך מיט גרויסע פרעסט און שנייען, מיר ראמען און פוצן די וועגן, מיר שיטן אן הויכע וועגט שניי אסאך העכער פון אונז אליין, אין מיטן א ברייטער דורכפאר. מיר זיינען זייער פלייסיק, אפשר וועלן דאס די דייטשן אפשאצן און אונז לאזן לעבן. וואס האט מען ניט געטאן פארן פרייז פון לעבן? און די מעטע פון לעבן איז דוקא געווען זייער א קורצע, געקענט זיין א טאג, א שעה.

געקומען פון דער ארבייט, כאפט מען וואס איבער. די מערהייט איינצלנע מענטשן, אפגעריסענע פון גאנץ פארצווייגטע משפחות, דארפן נאך באזארגן פאר זיך זייער מאגער עסן, ווערט אלץ געטאן אין איילעניש. מאכט מען א מנין, זאגן קדיש קינדער נאך עלטערן און עלטערן נאך קינדער. מען דאווענט מנחה און מעריב און מען זאגט ה' אלקיכם אמת...

קיין פרייע צייט בלייבט ניט. מארגן איז ווידער א טאג. אויב מען וועט אים דערלעבן, וועט מען דאך ווידער דארפן ארבייטן, לייגט מען זיך שלאפן, אבער דער שלאף קומט ניט.

אין די שלאפלאזע נעכט, ווען מען פלעגט אפליגן מיט אפענע אויגן ביזן גראען פרימארגן און טראכטן וועגן א רעטונג, פלעגט אריינפאלן א געדאנק, אפשר איז דאס גאר א קאשמאר.

מען שיסט אויס די רוסישע געפאנגענע, זיי זענען ניט געבונדן מיט קיין קליינע קינדער און עלטערן, לויפן זיי אין די וועלדער, מען שושקעט זיך וועגן פארטיזאנער־אטריאדן. עס ווערן זיך לעגענדעס וועגן זיי. אז זיי האבן א קאנטאקט מיט רוסלאנד, אז מען ווארפט זיי אראפ געווער פון עראפלאנען, בעצם זיינען דאס דאמאלט געווען אויס־געטראכטע מעשיות. די פארטיזאנער זיינען אין די יארן 41־42 ניט געווען קיין שום כח. ניט יעדער איינער פון זיי האט אפילו געהאט געווער, ניט איינמאל זיינען זיי געקומען צו די פויערים נעמען עסן מיט איין אויסגעשטניצטן שטיק האלץ אין קאבור אנשטאט א רעוואלווער. אבער מיר אין אונזער יאוש פלעגן זיך אנכאפן אין יעדער קלייניקייט, וואס האט געקענט ארויסרופן ביי אונז א פינק פון האפ־נונג. דאס איינציקע וואס מיר זיינען געווען פעיק צו טאן, איז טראכטן ביי אונז אין קאפ, דארט האט דער גזלן ניט געקענט אריינקומען. פלעגט זיך טאקע צושפילן די פאנטאזיע, ווען מען פלעגט ריידן וועגן עראפלאנען. אז אויב עראפלאנען קומען, פליען זיי דאך צוריק, וואלט דאך געווען דער גרעסטער יושר, אז מען זאל די ביסל לעבנגעבליבענע יידן ארויס־ראטעווען פון דאנען. א מאמענט פון אוממעגלעכן גליק. און אז מיר וועלן דערלעבן די ישועה, וועלן מיר זיך מיט אלעמען אפרעכענען. די פרייע וועלט וועט זיך דערפילן שולדיק לגבי אונז און וועלן קאמפענסירן פאר אונזערע גרויסע ליידן.

דאס ערשטע, וואס מיר וועלן טאן, וועט זיין כאפן היטלערן. און דא האבן מיר זיך אנגעשטויסן אויף די שוועריקייט, מיר האבן אים ניט געקענט אויסמעסטן די פארדינטע שטראף. יעדע הארבסטע שטראף איז געווען צו קליין פאר אים. אבער מען וועט שוין. נאכהער וועלן מיר זיך נעמען צו דער פאליצײ, צו אלע גוים וועלכע האבן אין קריטישן טאג ארויסגעגעבן פארבאהאלטענע יידן. און דער־נאך...

און דערווייל כאפט מען עטלעכע יידן און מען שיסט זיי. באשר בכן מען האט זיי געטראפן ביי

גוים. געשען איז דאס, ווען דער קאָמענדאַנט סעראַפימאָוויטש האט באַקומען א באַפעל צו אַרעסטירען ווייסרוסישע אַקטיוויסטן, האט ער געמאַכט א רעכענונג, אַז פאַר אים איז גלייכער צו שיסן עטלעכע יידן, ווייל די ווייסרוסן קענען זיך נאך אָפּרעכענען מיט אים אַמאָל, אָבער די יידן פון זיי וועט דאך קיינער ניט בלייבן.

פאַלט איין דעם קאָמענדאַנט אַביסל א הוליע צו טאָן מיט די יידן. טרייבט ער אַרויס אין א זונטיק, וואס אויך פאַר אונז האט ער זיך גערעכנט פאַר א רו־טאָג, אַלע יידן מיטן יודן־ראַט בתוכם. דער פראָסט איז שטאַרק, די זון מיניעט מיט בריליאַנטן. אַליין, דער המן, אויפן ווייסן פערד צעיאָגט זיך און יאָגט אונז נאך און מיר לויפן מיט די לעצטע כוחות. פון ענטציקונג לאַכט ער, האט הנאה פון דעם שפּאַס.

דער ווינטער דערנענטערט זיך צום סוף. די טעג ווערן גרעסער, דער הימל לויטערער, די זון וואַרימער. אַז די ערד האט זיך דערוואַרעמט האט א שטראָם בלוט אַרויסגעשלאָגן פון ברודער־קבר, וואס אויף סטייבצער וועג. קומען דייטשן אין יודן־ראַט, אַז די יידן זאָלן גיין פאַרשיטן מיט קלאָרקע די בלוט, זיי קענען דאך יידיש בלוט ניט זען, זיי האָבן מורא אַפילו פאַר טויט יידישן בלוט, ס׳וועט נאך אויסברעכן איין עפּידעמיע און אַ עפּידעמיע קלייבט ניט אויס. גייען מיר „אונשעדליך" מאַכן די בלוט פון אונזערע קדושים.

פסח. אונזער ליבער יום־טוב פסח, אין וואס האָסטו זיך פאַרוואַנדלט? ערשט נישט לאַנג, מיט א יאָר צוריק זיינען מיר דאך געווען צוזאַמען מיט אונזערע משפּחות. ווער האט זיך געקענט ריכטן אויף אַזא גרויסן חורבן? זיצן יידן באַיאָרנטע, וויינען אויפן קול. באַקלאָגן נאך אַמאָל און ווידעראַמאָל זייערע יונגע פאַרשניטענע קינדער, זייערע פאַר דער צייט אומגעקומענע לעבנס־באַגלייטערנס, שטיקן זיך פרויען אין ספּאַזמעס.

די גוים פאָדערן זייערע הייזער, זיי ווילן צוליב די יידן ניט ליידן. מען דאַרף דאך די יידן אַלץ־איינס אויסשיסן, טאָ זאָל מען דאָס טאָן באַצייטנס. פאָרט א דעלעגאַציע אין באַראַנאָוויטש צום געביטס־קאָמיסאַר. ענטפערט מען זיי דאָרטן, זיי זאָלן צו וואַרטן, עס וועט טאַקע לאַנג נישט דויערן ביז מען וועט די יידן אויסשיסן, נאָר וואַרטן דאַרף מען. פאַראָרדנט מען טאַקע די יידן אַרויסצופירן אויסער דער שטאָט אין א סטאַבילן געטאָ און דאָס איז שוין דער ערשטער טריט צו מאַכן אונזער שטעטל יודען־ריין.

# די ערשטע גרויסע שחיטה 9.11.1941

די ערשטע וואָכן נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן איז ניט געווען קיין אָנפירנדיקע מאַכט. פון צייט צו צייט זענען געווען קרבנות. דער ערשטער איז געווען שעפּסל זשוכאָוויצקי, דער צווייטער הענדל געלימאָווסקי. חאַצקיל דעם קצב האָבן זיי פאַרשלעפּט און ער איז מער נישט צוריקגעקומען. דאַן האָבן די ס.ס.־לייט אויסגעקליבן א יודן־ראַט, ווי־אויך א ציווילע פּוילישע מאַכט, וועלכע איז נאָכער פאַרביטן געוואָרן מיט א ווייסרוסישער.

מיר האָט געהערט צו דער סטאָלבצער ס.ס. וועלכע פלעגן מאַכן אָפטע באַזוכן. באַשטעלן פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע דער יודן־ראַט האָט געמוזט צושטעלן, גאַנץ אָפט מיט גרויסע שוועריקייטן, צוליב צוויי סיבות: ערשטנס איז די שטעטל קיינמאָל ניט געווען רייך, צווייטנס איז אַלץ געווען פאַרברענט. דאָך האָט מען זיך געגעבן די גרעסטע מי צופרידן צו שטעלן די גזלנים במשך הזמן האָט זיך זייער אַפּעטיט צעוואַקסן און זיי האָבן זיך שוין ניט באַנוגנט מיט קאַווע, זייף און לעדער. זיי האָבן שוין געפאָדערט גאָלד, זילבער און פוטערס. נאָכער איז געקומען די גרויסע קאָנטריבוציע, האָבן יידן געהאַט בהמות, האָט מען דאָס צוגענומען. הכלל מען האָט גערויבט, ווי־ווייט מעגלעך, אָבער אַזוי לאַנג, ווי דאָס איז אויסגעגאַנגען צו געלט, איז געווען צו דערליידן. צייטנווייז זענען זיי אַפילו געווען העפלעך.

צו דער אויפגאַבע פון יודן־ראַט האָט אויך געהערט צושטעלן אומזיסטע אַרבעטער אויף פאַרשידענע פּלעצער ווו די מאַכט האָט דאָס געפאָדערט. אויב א פּויער האָט געוואָלט האָבן איין יידישן אַרבעטער, האָט ער זיך גע־

דארפט ווענדן אין מאגיסטראט און איינגעצאלט פאר דעם יידישן ארבעטער, דאקעגן דער ייד פאר זיין ארבעט האט גארניט באקומען. הפקר איז געווען אונזער לעבן, אונזער ארבעט, אונזער האב און גוטס. געווען פאלן ווען יידן זענען אליין דורכגעקומען מיטן פויער, אומגעקערט אים דאס געלט, נאר כדי צו קאנען דעם טאג זיין דארט ביים פויער און נישט אין שטאט. ניט צו פילע פויערים האט מען געקענט האבן צוטרוי.

אלס ארבייטס־פעיקע האבן זיך גערעכנט אלע אין צווישן עלטער 15—60. די ערשטע אין די רייען צו דער ארבעט זענען אלעמאל געווען טאדרעס פיינשטיין מיט זיין פרוי מלכה. מען האט געטראכט, אז די אלע ארבייטס־פעיקע האבן א שאנס צו בלייבן לעבן. אין שטוב פלעגן איבערבלייבן די עלטערע און קינדער. זיי, די עלטערע האבן געהאט גענוג צייט צו מאכן א חשבון־הנפש פון דעם מצב וועלכער האט קיין גוטס ניט אנגע־זאגט. זיי האבן זיך נישט געקענט געפינען קיין טרייסט זעענדיק די סכנה פאר זייערע קינדער. די איינציקע האפענונג זייערע איז געווען, אז אין פאל פון א שחיטה, וועט מען זיי אלס ניט־ארבייטס־פעיקע שיסן און די יינגערע אויסקלייבן צום לעבן. און אפשר וועט זיך אינ־צווישן צייט ענדיקן די מלחמה. אזוי ארום וועלן די קינדער געראטעוועט ווערן. אזוי ווי זיי וואלטן מקבל באהבה געווען דעם גזר־דין! צווישן די אלע האפנדיקע זענען אויך געווען מיינע עלטערן. לײדער איז זייער ווונטש ניט מקויים געווארן. מען האט אומגע־בראכט גרויס און קליין, אלט און יונג.

עס דערגייען קלאנגען, אז מען הרגעט אויס גאנצע שטעטלעך. מיר זוכן סיבות דערפון. מיר ווילן ניט אנ־נעמען, אז די איינציקע סיבה איז די, וואס מיר זענען יידן. און אויב דארטן איז געווען א סיבה, וועלן מיר זען זי אויסמיידן. גענוי קען מען ניט וויסן, ווייל קיין פאסט־פארבינדונג איז ניטא. די סכנה דערנענטערט זיך. מיר רוען ניט. ווי אזוי ראטעוועט מען זיך, פארשטעקט מען זיך מיט די עופהלעך, וועלכע וויסן גארניט, וואס עס שטייט זיי פאר? אוממעגלעך. מאנכע האבן א פארטיקן באשלוס: אדער אלע לעבן, אדער אלע שטארבן. זאל ניט בלייבן קיינער פון די משפחה, ער זאל נישט דעם גאנצן לעבן וויינען, אויב ער וועט זיך שוין יא ראטעווען. און אזוי אין האפנונג און יאוש גייען טעג און נעכט.

שבת דעם 8.11.1941. די ס.ס.־לייט זענען געקומען אין יודן־ראט מיט שטורם, געוואלדן און געשרייען. אלץ געווארפן און געשליידערט. מען האט זיי מיט קיין זאך נישט געקענט איינגעמען. אפגעשטורעמט, אוועקגעפארן. פטור געווארן, פרייער אפגעאטעמט. אויף ווי לאנג? זיי האבן גאנץ גוט געוווסט, אז מארגן וועלן זיי זיך זען מיט אונז אויף א גאנץ אנדערן אופן.

שבת־צו־נאכט. מען קערט זיך אום אהיים. ווער פון דער ארבעט, ווער פון זיין גוטן גוי, צו וועמען ער איז אין דער בהלה געלאפן זיך ראטעווען. די משפחה קלייבט זיך אויף. מיר פרייען זיך, איינער מיט דעם צווייטן. ס׳איז אונז אזוי גוט. אלע ארום טיש. מען עסט, מען רעדט ארום די געשעענישן פון טאג. נאכן עסן לייגט מען זיך אין די ווייכע בעטן, אבער דער שלאף קומט ניט. דאס איז אונזער לעצטע נאכט מיט די משפחות, די לעצטע נאכט פאר אונזער חורבן. זונטיק, 9.11, א פייכטער נעפלדיקער פרימארגן. עס איז נאך ניט גוט ליכטיק. פלוצלונג א שיסעריי. מיר גיבן זיך א ריס פון די בעטן. עס ווערט א סומאטאכע, לויפן! שוין צו שפעט. די שטעטל איז ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט א גע־דיכטן קאָרדאָן פון פאליציי און דייטשן. עס הויבט זיך אָן דאס געיעג אויף יידן. עס איז שוין ניטא קיין צייט און קיין מעגלעכקייט צו טראכטן, דער מוח, ווי פאר־אליזירט. לויפן קומט שוין נישט אין באטראכט. פאר־שטעקן זיך אין שטוב — ווו? אין קאטוך, אין קוימען, אויפן בוידים, אין קעלער? דו געפינסט קיין אָרט ניט, אומעטום וועט מען דיך זוכן און געפינען. מיר פערזענ־לעך האט יענעם טאג געגליקט. כ׳בין צוזאמען מיט מיין זון פארלאפן צו א אומבאקאנטן פויער. ער האט ריזי־קירט און פארשטעקט אונז אין א חזיר־שטעלכל אונטערן מיסט. אז די חזירים זענען געווען זאט, האבן זיי זיך צעלייגט אויף אונזערע פיס, מאכנדיק מיט זייער קערפער א בערגל, וועלכער האט אונז געשיצט. עס האט אויס־געזען, ווי די חיה וויל אונז געבן הילף.

דער מאגאזין פון יודן־ראט, ווו עס האבן זיך געפו־נען די זאפאסן אויף על כל צרה שלא תבוא, איז אלץ אויסגערויבט, טיש און בענק צעבראכן, די ביכער צע־ריסן, די יודן־ראטלער צעיאגט. ווער פון זיי עס האט זיך פארשטעקט, און ווער ס׳האט נאך געהאט כח צומאכן א רעכענונג, אז אין אזא וועלט איז אוממעגלעך צו לעבן,

איז אוועק אין מאַרק, פון וואנען עס האט געפירט דער וועג צום גרוב.

אין מארק, אין די גאסן עס קנאלט פון אלע זייטן. איידער מען ווערט שטארבן, ווערט מען משוגע ווערן פון די גרויל־בילד. מענטשן פאלן אין קאלוזשעס בלוט. ווער עס האט מזל, שטארבט גלייך, ווער נישט, מאטערט זיך, ביז א גרויסמוטיקער פאליציאנט דערלאנגט אים די לעצטע הילף, א קויל. די פאליציי האט ניט צופיל צייט.



דער חזן שקליאר

זיי דארפן רויבן און מארדן. די מעגלעכקייט האט דאך איבערגעשטיגן זייער פאנטאזיע. דא וואלגערט זיך א טשערעפ ארום און צעשפריצט מארך, דא איין באַ־קאנטער, דארט איין אומבאקאנטער.

דער מירער חזן ר׳ וואלף שקליאר ז״ל צוזאמען מיטן רב׳ס איידעם ר׳ חיים יצחק ז״ל גייען איבער די גאסן און מיט א וויינענדיקער שטימע רופט ער אויס: „יידן, גייט ארויס צו דער שחיטה!“ נאטירלעך האט ער ניט געמיינט, אז די יידן זאלן טאקע ארויס צו דער שחיטה.

ער האט נאר אויף אזא אופן געוואלט געבן צו פארשטיין, וואס עס קומט פאָר.

די גאסן זענען איבערפולט מיט מענטשן, מען פירט אלעמען אין מארק. אט גייט הענאך דער סטאליער מיט זיין משפחה, צוזאמען 5 פערזאן. ביז זיי דערגייען צום מארק זענען זיי שוין זאלבעדריט. די עלטערע 2 זין אויפן וועג פארלארן, פאר טאטע־מאמע 2 וועלטן אונ־טערגעגאנגען, זיי זענען אפילו ניט אימשטאנד צו רעאגירן, בלייבן שטיין צווישן המון יידן, וועלכע זאגן וידוי, גיבן זיך די הענט און בעטן מחילה איינער ביים צווייטן. די וועלכע האבן ביי נארמאלע באדינגונגען מורא געהאט א טראכט צו טאן וועגן טויט, זענען גע־גאנגען גלייכגילטיק צו די גריבער. אפשר איז לייכטער צו שטארבן צוזאמען.

אויסגעשטעלט אין רייען קלייבט מען, מי לחיים ומי למוות. די פאכלייט באזונדער צום לעבן, אלטע לייט און סתם יידן צום טויט. מען זעגנט זיך מיט שטומע בליקן.

צווישן די ערשטע רייען יידן און די דייטשן א פולעמיאט ווי אויף א שיסל, ווו יידן דארפן אריינווארפן די רעשט פון גאלד און זילבער־חפצים. קיין סך האבן זיי אפשר קיינמאל ניט געהאט, און גאנץ ווייניק איז זיי פארבליבן. צווישן דער מירער עדה יידן דער מירער רב הרב קאמאי זצ״ל. ווי די רביצין האט מיר דערציילט, זענען זיי ביידע אין קריטישן טאג געגאנגען פרייוויליק אין מארק, ד.ה. אַן קאנוואי. אויפן וועג האבן זיי גע־האט א מעגלעכקייט זיך צו פארשטעקן. די רביצין האט זיך טאקע יענעם טאג געראטעוועט. דער רב איז אוועק אין מארק. מאטיווירנדיק דאס דערמיט, אז אויב אן איין איינציקן יידן קען חס־וחלילה עפעס געשען דערפאר, וואס דער רב איז אפוועזנד, מוז ער זיין מיט זיין עדה און טיילן איר גורל. ווי מען האט איבערגע־געבן, האט ער געמונטערט די יידן. ווו האט זיך דאס גענומען די גבורה צו אזא שוואכלינג, ווי עס איז געווען דער מירער רב? מיט זיין אויסגעצערטן גוף, קליינע מאגערע הענטלעך, אבער לייכטנדיקע אויגן און גוטן הארציקן שמייכלדיקן פנים, אויף וועלכן ס׳האט גערוט דער חן פון די קאמאיס.

די רייען ווערן אלץ געדיכטער. אט שטייט משה׳ל פאסמאניק מיט זיין פאמיליע. ער האלט ביים הענטל א

קליין קינד. „מיין זונעלע דיר איז קאלט? עס וועט שוין אונז אלעמען באלד זיין ווארעם" — פאלט דער ענטפער.

בענציע עליע־חיים׳ס מיט זיין פאמיליע. חיים ליס זאגט צו אים: „בענציע, לאמיר זיך ווארפן צום פולעמיאט!" — „ניט כדאי" — איז דער ענטפער. העכסטע רעזיגנאציע. שוין מער טויט, ווי לעבדיק.

עס לויפט רבקה חיים־וועלוולס מיט 3 קינדער. איינער פאלט טויט. זי קוקט זיך ניט אום, לויפט ווייטער מיט די אנדערע צוויי.

און דארטן ביי די גריבער, וועלכע זענען אין אלע עקן שטאט, דארט איז די בלוט־באד אין פולן שווונג. די תליינים ארבעטן אומדערמידלעך. אט האט מען געבראכט העגאך דעם קצב מיט זיין גרויסער משפחה. פאר דער מוטער אין די אויגן שיסט מען איר יינגסטן זון. זי חלשט, העגאך מינטערט איר.

לייזער מאנטא מיט זיין פרוי און טאכטער. זיי דארפן ווארטן ביז דער גרוב וועט פארטיק ווערן. ער פארוויכערט, גיט אויך די גוים גרעבער צו פארויכערן. „כלאפצי קאפייטע סקארייי". זאל זיך דאס שוין ענדיקן.

צו דער גרוב ביי דער אלטער בוינע ברענגט מען יעדעס מאל נאך און נאך יידן. מיטן לעצטן שמע־ישראל ווערן זיי שטיל.

און אזוי האט די בלוט פארגיסונג געדויערט 24 שעה. עס איז ארויסגעפאלן א ווייסער שניי, און צוגעדעקט דעם גרויליכן פארברעכן.

## דער נס פון זיבעטן חנוכה־ליכטל

חנוכה 1942. דער ווינטער איז געווען א שווערער. אין איינעם א פרימארגן זיינען אוועק פון אונזער זעמלאנקע צוויי פון אירע שטענדיקע „איינוווינער": סימע בערגער (געהייסען אין מיר סימע בערקעס) און איר צוקונפטיקער איידים אברהם שמואל מאלישענסקי. מיט אונז איז פארבליבן סימעס טאכטער מאשע. זיי זיינען אוועק אין די ארומיקע דערפער אויסבעטלען א פאר שטיקלעך ברויט מיט עטלעכע קארטאפל ביי די פויערים. עס איז אוועק דער גאנצער טאג און זיי האבן זיך ניט צוריק געקערט. געווייגלעך פלעגט מען זיך אומקערן אין עטלעכע שעה ארום געהאלפענע. מיר זיינען אומרוהיק. מיר גייען ארום מיט שווערע געמיטער. מיר ווילן ניט גלויבן אז מיט זיי איז עפעס געשען. מיר טרייסטן זיך, אז זיי זיינען אוועק אין א ווייטן דארף, פארבלאנדשעט אין וואלד. אבי ניט טראכטן וועגן דעם, וואס קען געשען און איז געשען. צו־מארגנס זיי קומען ניט. מיר דערוויסן זיך, אז אין איינעם א באענטן דארף האט מען זיי געכאפט און אוועקגעפירט קיין מיר. מען ווייס שוין אפילו אלע פרטים.

מיר באהאלטן אויס דעם אמת פאר מאשען. זי פארשטייט אבער גאנץ גוט, וואס עס באטייט זייער פארזאמען זיך. זי וויינט, פארלירט אבער נישט די האפנונג.

אברהם שמואל מיט זיין פלינקייט וואלט זיכער פרובירט אנטלויפן, ער קען אבער ניט איבערלאזן סימען אליין ביי די רוצחים און גייט מיט איר צוזאמען. מען ברענגט זיי אין מיר, ווו עס איז שוין יודען־ריין, אין א זונטיק־טאג. די פויערים יום־טובדיק געשטימט אין זייער רו־טאג האבן געהאט אן אנגענעמע איבערראשונג: מען האט געכאפט א פאר באקאנטע יידעלעך; מען באגריסט זיי פריילעך. די נייעס וועגן די מציאה צעטראגט זיך בליץ שנעל. אנדערע אוספייען קוים ארויס צו לויפן פון זייערע כאטעס כאפן א קוק אויף דעם בייזן ווונדער: וואס הייסט, סימע און אברהם שמואל. זיי, די פויערים, ווי אויך די ארעסטירטע ווייסן גוט, וואס עס ערווארט זיי. מען זעצט זיי אריין אין פאדוואל (א פשוטער קעלער אין א יידישער שטוב). עס גייען אוועק עטלעכע טעג אין פארשן זיי, מען וויל דערגיין, ווו עס געפינען זיך די איבעריקע יידן, וועמענס עקזיסטענץ עס באדראט דעם דריטן רייך. מען קען אבער פון זיי גאר נישט ארויסבאקומען. עס קומען צו זיי אריין באקאנטע פאליציאנטן, מען באטראכט, וואספארא ירושה מען קען דא כאפן, יעדער איינער פון זיי וויל האבן די הנאה פון שיסן סימען מיט אברהם־שמואלן. דרך אגב, לייגט מען זיי פאר צו בייטן זיך מיט די שטיוול, אנשטאט זייערע גאנצע

גוטע, גיט מען זיי די אלטע צעריסענע. דאס איז אזא „איידעלע" אַנדייטונג, אז סיי־ווי דארפן זיי דאך שוין גארניט האבן...

און אין איינער, אפשר טאקע דער לעצטער נאכט, האט אברהם שמואל גענומען באטראכטן דעם פּאַדוואל; וואָס וואלט איהם דא געקענט העלפן? זיין אויג איז געפאלען אויף דעם איינציקן בענקל, וואס איז דארטן געשטאנען. ער האט פון אים ארויסגעשלעפּט א פיסל, מיט וועלכער ער האָט פּרובירט פארנאנדערדוקן די ראם מיט די קראטן ביים פענצטער. די ראם האט נאכגעלאזט, אבער ס'איז געווען אנהויב אוונט. צוליב דער פריער צייט האט ער געמוזט ריזיקירן צו בלייבן ביז האלבע נאכט. נאך האלבע נאכט, אז די וואך וועלכע האט זיי געהיט איז אוועק ווארימען זיך אין כאפּן א דרעמל, זייענדיק זיכער, אז זייערע קרבנות וועלען אין ערגעץ ניט אנטרינען, איז געשען דער נס. דאס פיסל פון הילצערנעם בענקל האט זיך פארוואנדלט אין א געצייג צו ברעכן קראטעס. אברהם שמואל, וועלכער איז פון פאך א שלאסער, האט פאנאנדערגעשאקלט די ראם, וועלכע איז ארויס צוזאמען מיט דער קראטע. ער איז ארויס מיטציענדיג נאך זיך סימען. ביז פארטאג האבן זיי, געיאגטע פון טויט־שרעק, דערגרייכט אונזער זעמלאנקע. אין דער נאכט, ווען מיר זיינען געלעגן פאריאושטע פארזונקענע אין שווערע מחשבות איבער זייער גורל, וועלכער וועט סוף סוף זיין אויך אונזער גורל, האבן מיר פלוצלונג דערהערט זייער הילכקן אויסגעשריי:

— גוט מארגן, ברידער.

דאס זיינען געווען די געראטעוועטע סימע און אברהם שמואל. עס איז געווען א מאמענט פון העכסטער שמחה באגלייט מיט געוויין ביז היסטעריקעס. דער פאל האט אונז געמינטערט און איבערצייגט, אז מיר דארפן זיך ניט מייאש זיין, עס זיינען נאך מעגלעך נסים אויך מיט אונז. דאס איז געשען גענוי דעם זיבעטן טאג חנוכה און איז ביי אונז פארבליבן אלס דער נס פון זיבעטן ליכטל.

## א לאטקע א הונגעריקן

יע, איר ווילט וויסן דעם טעם פון א רעצקע לאטקע? איז כדי צו וויסן דעם טעם, דארף מען די ערשטע זאך זיין א ייד אונטער היטלער־אָקופּאציע, זיין אזוי הונגעריק, אז אפטמאל האט דאס ניט געלאזן טראכטן וועגן דעם גרויסן אומגליק, לויפן אין וואלד, טאג און נאכט זיין אויסגעשטעלט דערשאסן צו ווערן, פון דייטשן אדער פארטיזאנער, דער אינטערשייד נאר אין נאמען, אבער יידן האבן ביידע געמארדעט מיט דער גרעסטער הנאה. זיין אויסגעווייקט פון רעגן אדער איינגעקארטשעט פון קעלט, זיין פארבלאטיקט און פארלייזיקט, מיט גרויס שרעק ארויסגיין פון וואלד אין דארף נאך אביסל עסן, גיין מיטן ביסל קארטאפל אויף דער ביינערדיקער פלייצע; און וואס שווערער דער זעקל איז געווען, אלץ לייכטער איז עס געווען צו טראגן, דורכגיין א טייך אין רעגן און ווינט, וואס שמייסן פון אלע זייטן, רייסן אראפּ די שמאטע פון קאפּ, ווי אויך די נאַטור וואלט געווען קעגן אונז.

אין דער נאענט פון וואלד שטייט א נייע שטוב. ס'איז דען א שטוב? ס'איז א פאלאץ. ווען מען דערנענטערט זיך צו דעם פאלאץ, איז מען שוין איינגאנצן אָן כוחות, און מ'מוז זיך דא אפרוען.

די סביבה פון דער נייער שטוב זאגט עדות וועגן נארמאלן רוהיקן לעבן פון אירע איינוווינער, אויף וויפיל עס האט בכלל געקענט זיין נארמאל און רואיק אין יענע צייטן. די שטאלן, די פערד, די הינער —אלץ אויפן געהעריקן פלאץ; אפילו דער הונט און די קאץ אויף זייערע ערטער, דער הונט אין בודע, די קאץ אויפן אויוון, די האלץ אונטער א דעכל איינגעלעגט אין א סדר, די שפענדלאך זארגפעלטיק פאקערט.

ביי כאריטע דעם פויער מוז זיין ארדענונג, אין דער צייט זיין יום־טוב, אין דער צייט זיין ארבייט, אין דער צייט זיין רו. ער איז דאך ניט קיין ייד, אז ביי אים זאל אנדערש זיין.

אבער דער עיקר איז א שטוב, דארט איז ממש א גן־עדן. טרוקן, ריין ווארים און זאט. שטייען בעטן מיט הויכע קישנס, א טיש, בײנקלאך, די שטוב האט פענצטער מיט גלעזערנע שויבן, דורך וועלכע דאס אויג איז אפגעווײנט פון קוקן דורך גלאז, כ׳האב גאר פארגעסן, אז עס איז פאראן אזא זאך ווי גלאז אויף דער וועלט.

אין שטוב איז דא נאך א זאך, וואס פארדעקט אלץ — דאס איז א פאליצע מיט גרויסע לאבנס ברויט, וועלכע גיבן ארויס א וואונדערבארן ריח, עס שווינדלט אזש אין קאפ. איך שלינג זיי מיט די אויגן.

און ער, דער פויער, לייגט גאר קיין אכט ניט אויפן ברויט. פאר וואס קייט ער ניט? דוכט זיך גארניט קיין נארישער גוי, אבער א פויערשער קאפ, ווייס ניט וואס גוט איז, ווען איך בין אויף זיין ארט, וואלט איך גאר נישט געטאן, כ׳וואלט נאר געקייט ברויט, און טאקע מיט גרויסע ביסנס. איך קום אריין ניט דרייסט אין שטוב, ווייל מיר זיינען דא ניט קיין זעלטענע געסט (איינער גייט ארויס, 2 גייען אריין) עס הייצט זיך דער אויוון, דער פייער קנאקט אזוי פריילאך, עס באקן זיך רעצקע לאטקעס.

ביים דערזען מיך ווערט זיין פנים ערנסט און אפילו אביסל טרויעריק. ער רוקט מיר צו א בענקל צום אויוון, איך זאל זיך א ביסל אויסטריקענען, — אָנווארעמען. ער דערלאנגט מיר א גרויסע רעצקע לאטקע. נאך יארן — יעצט ביי מיין פולער זאטקייט קאן איך ניט פארגעסן כאריטעס מיטגעפיל אין דעם גרויזאמען ארום.

**אלטע סאלוצקי**

# נאכן ער׳שטן חורבן

דעם שרעקלעכן היטלער־גיהנום, וואס דאס אייראפייאישע יידנטום האט דורכגעלעבט, האב איך אדורכגעמאכט אין דאלמאטאָווטשטשינער הויף, — ווו מיינע עלטערן האבן געוואוינט און דארט אומגעקומען צוזאמען מיטן גרעסטן טייל פון דער פאמיליע און פיל מירער יידן.

דאלמאטאווטשטשינער הויף איז געווען באוווסט יעדן איינעם אין מיר. תבואה־סוחרים, קעז און פוטער־סוחרים, קצבים, פערדהענדלער, גוטע פריינד און סתם באקאנטע פלעגן טאג־טעגלעך קומען אין דאלאמטאווטשטשינע מאכן געשעפטן. צו פארן פון דאלמאטאווטשטשינע אין מיר איז געווען א שפאס. אבער, דאס אלץ איז געווען ביז ס׳איז אנגעקומען די ביטערע היטלער־מאכט. מיט אמאל זיינען מיר געווארען אפגעריסן איינער פון צווייטן.

שוואך זיינען מיר געווען, ווי די פליגן אויפן וואנט. עס איז געווען זייער א קאלטער הארבסט, מיט שרעקלעכע רעגנס, איז פונקט אין יענער צייט האבן די באנדיטן אנגעפאנגען זייערע אקציעס. די לאזונג איז געווען „ריין פון יודן״, עס זיינען דער־גאנגען צו אונדז שרעקלעכע גרוסן פון די ארומיקע שטעטלעך. מיר האבן זיך דערוווסט, אז הארא־דישטש, טורעץ, יערעמיטש, בערעזנע, עקזיסטירן שוין מער נישט, און אז די מערדער דערנענטערן זיך צו די טויערן פון מיר. טאקע א וואך שפעטער פון טורעץ, י״ט חשוון תש״ב, איז פארגעקומען די שחיטה אין מיין טייער שטעטל מיר. זונטיק פרי, האט מען אונז געבראכט צוטרייבן אויף ארבעט אין זשוכאוויצער פאסטערונעק, און דערהערנדיק די אפטע שיסערייען פון דער מירער זייט, האבן מיר גלייך פארשטאנען דעם שרעקלעכן אומגליק. אין אוונט, אז די זשוכאוויצער דייטשן זענען אראפגעקומען שיכור פון דער שמחה, האבן זיי מיט א געלעכטער אונדז געזאגט, אז די גרעסטע טייל פון מירער יידן האבן זיי אוועקגעשיקט אויף דאטשע.

איך האב באשלאסן צו גיין זען די פארבליבענע אומגליקלעכע רעשטלעך יידן פון מיר. א פאר טעג שפעטער האב איך געמאלדן מיינע עלטערן, אז איך גיי זען, וואס ס׳מאכן די יידן אין מירער געטא. מיין פאטער האט מיר געגעבן זיין ברכה און גע־ווונשן, גאט זאל מיר מצליח זיין, מיין מוטער האט געלאזט א טרער. צו מארגנס האב איך באשלאסן

צו גיין, אבער דא האט זיך געשטעלט די פראגע, ווי אזוי צו גיין, גיין אלס ייד איז געווען צו געפערלעך, איך האב דאך געטראגן די צוויי געלע לאטעס, דעם סימבאל פון ייד. מיינע עלטערן האבן מיר געראטן גיין אלס קריסטן און ניט מיט די טראקטאווע וועגן.

א גאנצע נאכט האב איך זיך געגרייט אין וועג אריין, און פינף א זייגער אינדערפרי, בין איך מיט א זייטיק וועגעלע ארויס פון אונזער פארק. עס איז געווען זייער א קאלטער פרי מארגן, שטארק פארנעפעלט, און פאר מיר איז עס געווען צו האנט. איך בין געגאנגען מיט פעסטע טריט און איך האב זיך באמיט אליין צוצוגעבן מוט, כאטש מיין הארץ האט זייער שטארק געקלאפט. איך האב זיך פון צייט צו צייט ארומגעקוקט ווי האלט איך דא אין דער וועלט, און איך האב דערזען אויף אלע וועגן פארן זייער פיל קריסטלעכע פורלעך. איך האב א טראכט געטון און זיך דערמאנט, אז היינט איז דאך מאנטאג, א מארק־טאג אין מיר, די פויערים פירן קעז, פוטער, אייער, הינער, אלערליי תבואות צום מארק, כדי אפצולייזן עטלעכע זלאטעס ביי די יידן. גלייכצייטיק האב איך זיך דערמאנט אן דער שרעקלעכער ווירקלעכקייט, אז דאס פארן פויערים פון די ארומיקע דערפער נאך ירושה. אלע האבן געווארט אויפן יידישן האב און גוטס: פאלאקן, טאטארן, רוסן, ווייסרוסן, אוקראינער, ליטווינער און אנדערע. די פינצטערע היטלער־מאכט האט געגעבן אלעמען רעכט צושיסן, הענגען, שלאגן, סתם חוזק מאכן פון יידן. דאס איז דאך געווען פאררעכענט גאר פאר א מצוה. זיי פארן יעדערער אפלעקן א פעט ביינדל. מען האט דאך צושאסן די מירער יידן און אראפגעריסן פון זיי די לעצטע פאר שיך און דאס לעצטע העמד. איך האב זיך אזוי פארטיפט אין מיינע ביטערע געדאנקען, אז איך האב גארניט באמערקט, אז נישט ווייט פון מיר גייט א גרופע מענטשן אונטער א זייער שטרענגער וואך. ווער זיינען די מענטשן? וווהין פירט מען זיי, און וואספארא פארברעכן האבן די מענטשן געטון, וואס מען פירט זיי אונטער אזא קאנוואי? ניין, דאס זיינען עטלעכע דערפרארענע הונגעריקע דערדריקטע מירער יידן. מען טרייבט זיי אויף צוואנג ארבייט. זיי גייען מיט אראפגעלאזטע קעפ, מיטן שרעקלעכן געלן סימן אויף דער ברוסט זיי גייען און בעטן גאט, וואס גיכער דעם טויט. עס פירן זיי פאליצייאישע כוליגאנעס און פאראויס גייט דער שרעקלעכער בלוט־זויגער, דער געפערלעכער באנדיט „מאצוק”, און נאך אזעלכע שיינע מענטשן. איך בין שנעל אראפ פון וועג און זיך אויסגעמישט מיט אלע פוסגייער, וועלכע זיינען געגאנגען צום מארק. איך האב זיך באמיט אז די באנדיטן זאלן מיר נישט באמערקן. א קעלט איז מיר אדורך מיינע גלידער, אז איך בין צוגעקומען צום פארשטאדט. די גאנצע גאס איז געווען באלאגערט מיט פורן און יעדער האט עפעס געהאט אויפן וואגין, פארבלוטיקטע פערענעס, קישנס, קאלדרעס, ליילעכער, קיך־מכשירים, סתם זאכן: טישן, שטולן, שאפעס, סאמאווארן, לייכטערס, טליתים, פון וועלכע זיי האבן זיך געמאכט שפעטער בלוזקעס און טיכלעך. אט האבן זיי דערלעבט א גוטע צייט, די פארדארבענע חיות. זיי וועלן ווערן יעצט רייך, זיי האבן רעכט צוצונעמען יידישע הייזער, צערייסן מויערן און אוועקפירן צו זיך אין דארף.

מיט א צובלוטיקט הארץ, מיט א צעבראכענעם געמיט, גיי איך איבער דער זשוכאוויצער גאס. איך פארגעס גאר אינגאנצן, אז איך בין א אומגליקלעך יידיש קינד און טראג אונטער דעם פויערישן שלייער די געלע לאטע, און גיי נישט ווי א בהמה אין מיטן גאס, נאר ווי א מענטש, אויפן טראטואר. און פאר מיינע אויגן לויפט פלוצלונג דורך א בילד: א שיינער ווינטערדיקער פרימארגן, די פויערים פארן צום מארק. די קראמען ווערן איבערפולט, די סוחרים אנגעטון אין קורצע זאקאפיאנסקע פעלצלעך, מיט פיינע וואליקעס אדער שטיוול, מיט ווארימע היטלען, זיי גייען איבער די גאסן, יעדער איילט זיך, יעדער וויל פארכאפן און איבעריאגן דעם צווייטן, יעדער וויל עפעס פארדינען, א גאנצע וואך ווארט מען דאך אויפן מארק. די ארבייטער האבן ארויסגעשטעלט זייערע מכשירים: בלעכענע, הילצערנע כלים, וואליקעס, שיך, שטיוול, קינדער־זאכן, היטל־מאכער זייערע היטלען. ארום די ברויט בודקעס איז א גאנצער יריד, די בעקערס בלאסע, נישט דערשלאפענע טראגן צו פון צייט צו צייט ברויט, חלות, בייגל. פון די שענקלעך הערט מען דעם שיכורן געזאנג פון די פויערים, א סימן אז זיי קלייבן זיך שוין אין

וועג אריין. דער אקציזניק לויפט פון איין שענק אין צווייטן, כדי צו כאפן א יידן ביי אן עבירה.

עס ווערט שפעט, פון די פורלעך איז שווער דורכ־צוגיין פון איין גאס אין דער צווייטער די אלע מארק־מענטשן הונגעריקע, פאר א גאנצן טאג אנגעפרוי־רענע, איילן זיך אהיים, בכדי דערווארימען די גלי־דער און כאפן א ביסן פאר א גאנצן טאג. מיטן געדאנק גיי איך דורך אלע גאסן, ווילנער גאס, וואלפאוויטשעס מויער, ווו עס איז געווען די גרויסע ביבליאטעק, די יידישע גמילות־חסד־באנק, וויסאָקע גאס, די וועלט בארימטע מירער ישיבה, אהער פלעגן קומען פון אלע עקן וועלט יונגע־לייט און בחורים, דערגאנצן זייער וויסנשאפט, אנזאפן זיך מיט תורה און חכמה. אט זע איך די גאנצע פני פון דער ישיבה: הרב הגאון ר׳ אליעזר יהודה פינקל, דער משגיח הרב הג׳ ר׳ ירוחם ז״ל.

דא נישט ווייט האט זיך געפונען די ישיבה־קטנה, תלמוד־תורה און בית־יעקב. אלע בתי מדר־שים, דער ווייסער בית־המדרש, די גרויסע קאלטע שול, די בעל מלאכישע שול, דאס חסידים־שטיבל. אין גאס איז מוראדיק שטיל, להבדיל ווי אמאל ערב יום כיפור. איך גיב א טראכט: ווו זייט איר אלע מיינע טייערע, ווו איז די רבנישע וועלט, ווו זייט איר קרעמער, סוחרים, ארנטלעכע ארבעטער, וועלכע האבן אזוי שווער און ביטער פארדינט זייער שטיקעלע ברויט פאר די אומגליקלעכע קינדערלעך, ווו זייט איר אלע, ווו זייט איר?

די פעדים פון מיינע פינצטערע געדאנקען רייסט איבער נאסטיא די שניידערקע. די גאסן זיינען פוסט, האלט זי מיך אפ, זי צעוויינט זיך כלומר׳שט קוקנדיק אויף מיר. זי שטעלט זיך מיר פאָר פאר א זייער גוטער פריינד פון יידן, זי זאגט מיר, אז אין שטאט איז ניטא קיין דייטשן, זי גיט מיר איבער נייעס פון פראנט, אז דער דייטש האט די מפלה, טרעט אפ און דעם כעס לאזט ער אויס צו די יידן. נישט קוקנדיג אויף אירע גוטע רייד און פריינדשאפט, פארשטיי איך, אז ביי איר איז אויך דא פיל יידישע זאכן, און זי דער גוטער פריינט, וואלט שוין אויך וועלן פטור ווערן פון די פארבליבענע אומגליקלעכע רעשטלעך מירער אידן. זי לייגט מיר פאָר א שטיקל ברויט, זי בעט, איך זאל עסן, אבער מיר קריכט עס אין מיין האלדז נישט, איך בעט איהר זי זאל מיך צופירן דורך א שטילער גאס אין שלאָס, אין געטא צו מיינע ברידער און שוועסטער. זי וויזט מיר א וועג פארביי זאוואלנער גאס, דורכן בית־עולם. פינסטער איז מיר געווארן אין מיינע אויגן, אז איך בין צוגעקומען צום בית־קברות, אלץ איז געווען צובראכן, רואינירט. פון די מצבות האבן די מערדער געמאכט טראָטוארן, פונדאמענטן צו זייערע הייזער. די פינצטערע כולי־גאנעס האבן אפילו געשטערט די רו פון די מתים.

אינגאנצן צעבראכן פון מיינע איבערלעבענישן האב איך זיך ענדלעך באקומען אין געטא. מיינע טייערע ברידער און שוועסטער זיינען געזעסן אין דעם ביטערן גיהנום אין צוים פון די שטעכעדיקע עלעקטרישע דראטן, און זיי האבן געווארט יעדע מי־נוט אויפן טויט. די פנימער זיינען געווען ביי אלעמען געענדערט. זיי האבן שוין אויסגעזען אזוי ווי מתים. און האבן געבעטן אויף זיך דעם טויט. איבערהויפט שווער איז מיר געווען צו רעדן מיט די מוטערס, וואס האבן געהאט קלייניקע קינדערלעך. זיי האבן געהאלטן אין שרייען: וואס טוט מען מיט די קינדער. ווי נעמט מען כח צו פירן זיי צו דער שחיטה? פאר־וואס זיי, פארוואס? מיט וואס האבן מיר געזינ־דיקט? די עלטערע מענטשן זיינען שוין גאר ארויס פון די כחות, פון די שווערע קלעפ, וואס זיי פלעגן קריגן פון די דייטשן ביי דער קאטאָרשנער ארבעט, פון הונגער און אפטע תעניתים. זיי האבן געזאגט, אז עס איז א גזר מן השמים, יעדערער האט געוואלט לויפן, אבער וווהין? די פויערים האבן בכלל נישט אריינגעלאזט קיין יידן. זיי האבן געהאלטן אין איין אויסגעבן ווי זיי האבן נאר געכאפט א יידן. קיין פארטיזאנער איז נאך נישט געווען. דערצו דער הארבסט מיט די שרעקלעכע רעגנס און ווינטן. ס׳איז קיין פלאץ נישט געווען פאר יוגנט בפרט פאר שוואנגערע פרויען, פאר פרויען מיט קינדער, פאר אלטע און קראנקע לייט.

ביי אלעמען אויפן צונג איז בלויז געווען די קללה פאר די מערדער, ביי זיי אלע, סיי ביי די הייליקע קדושים און סיי ביי די נאָך לעבעדיקע, איז געווען איין צוואה: ווער עס וועט פון אונז בלייבן לעבן, נעמט נקמה פאר אונזערע פיין, פאר אונזער אומשולדיק בלוט.

דבורה ראקאוויטש

# דער לעצטער טאג אין געטא

מיר ליגן שוין 15 מאנאט אין די ציין און נעגל פון דער בלוט־דאָרשטיקער חיה. נישטא קיין איין מענטש אין געטא וועלכן עס האט נישט געטראפן דער גרויזאמער גורל. קינדער — יתומים, עלטערן פאר־עלנטע אן קינדער, פרויען אלמנות — עס גייען ארום שאטנס פון מענטשן, וואס האבן מורא פאר דעם שיין פון דער זון, נישטא קיין איין פונק האפנונג אויף בלייבן לעבן — אלץ און אלע זענען קעגן אונדז. פון די שכנותדיקע שטעטלעך קומען אן ידיעות, אז זיי זענען שוין יודען־ריין ; מען ווייסט אויך צו דערציילן, ווי שוידערלעך עס זענען פארגעקומען די ליקווידאציעס — דאָ האט מען צוגעבונדען די האר פון שיינע יונגע יידישע טעכטער צו די עקן פון פערד און געלאזן זיי לויפן, נאכשלעפנדיק זייערע קרבנות, דא האט נאך די ערד געציטערט פון די אומשולדיקע קינדער, פרויען, מענער און זקנים, ווייל דעם מערדער איז געווען אַ שאָד אַ קויל, אנדערשוו האט מען אויפגעקליבן דעם געטא אין בית הכנסת, שוידערליך געפייניקט און פארברענט.

מען שטעלט שוין נישט די פראגע, אפשר וועט נאך ווידער געשען א נס. ניין — יעדערער ווייסט, אז ער טראגט דעם גורל פון זיין פאלק, ער איז פארמשפט צום טויט.

עס הערן זיך נאר שטילע קרעכצן פון פרויען, מיט ארויפגעהייבענע אויגן צום הימל בעטן זיי : „גאָטעניו, א לייכטן, א לייכטן טויט, די קויל זאל טרעפן". דא הערט מען א שטיל געבעט פון א קינד ביי זיין מוטער, „איך האב דאך נאך גארנישט געלעבט, איך וויל אזוי לעבן", — דא ווידער הערט מען : ניין, איך וויל נישט גיין צו דער שחיטה, איך האב סם, א צווייטער : איך וועל מיר די אדערן איבערשניידן, דא שטייען שטיל פארצארגטע עלטערן, דריקנדיק פעסט צו זיך זייער קינד, נישט ווילנדיק זיך צעשיידן. עס לויפט דורך א פרוי, ווארפנדיק איר לעצט גאלדן פינגערל, אפשר קען מען נאך מיט דעם צויבער פון גאלד אפקויפן דעם מערדער. אין א ווינקל שטייען עלנטע עלטערע מענער דרייסט צום טויט, ווייל דער טויט איז דער איינציקער מיטל, וואס וועט זיי פארבינדן מיט זייערע שוין אומ־געקומען משפחות ; ווייטער שטייען געזונטע יונגע מיידלעך און בחורים און באוויינען זייער יונג לעבן, וואס מוז אין בליענדן עלטער פארשניטן ווערן, ווייל זיי זענען יידן.

יעדער איינער איז פארזונקען אין זיינע געדאנקען, אבער קאנצענטרירן די געדאנקען קען מען נישט, מען איז צעשויבערט פון מורא און שרעק און מען קוקט אין דער צוקונפט אן א פונק פון האפענונג, מען קוקט אן איינס דעם צווייטן מיט מיטלייד, עס פארבינדט זיי געחתמעטער גורל־טויט.

פלוצלינג שטילע שושקערייען, מען רוימט אריין איינער דעם אנדערן א סוד אין אויער — די נאכט גייט א גרופע ארויס מיט געווער, דא שאפן זיך שוין קליינע גרופן, מען נעמט דיסקוטירן, עס איז דאך שוין פארשוואונדן די האפנונג — און דא פלוצלינג געווער אין יידישע הענט, ווייסט מען דען וואס באדייט א ביקס, א קויל ? יא, דאס איז דאס אייגענע לעבן, דאס איז א קאמף פאר זיך מיט די נאנטע ארום, דאס איז עקזיסטענץ, דאס איז א מכשיר פון נעמען נקמה פארן פארגאסענעם אומשולדיקן יידישן בלוט — און צום סוף, די לעצטע קויל באשטימט פאר זיך, כדי נישט אריינפאלן לעבעדיק אין דעם שונאס הענט.

עס מערקט זיך א שטילע באוועגונג אין געטא, עס שאפן זיך קרייזלעך פון יוגנטלעכע, פון משפחה, עס דערוועקט זיך א ווילן און א געדאנק צו לויפן, אבער וווהין ?

די גרופע מיט געווער איז ארגאניזירט — די אנ־דערע זענען שעפסן אן א פאסטוך.

עס הערן זיך מיינונגען פון האפנונגסלאזיקייט : מיר וועלן פאלן אין די וועלדער, חיות וועלן אונדזער פלייש עסן ; דער פראנט איז ווייט. דא ווידער דערמאנט איינער דעם פאל, וואס האט פאסירט מיט אייניקע מאנאטן צוריק, ווען פיר מענטשן זענען ארויס פון געטא און

אפגענארט געווארן פון א ווייסרוסישן פויער, וואס אנ־שטאט זיי פארבינדן מיט א גרופע פארטיזאנער האט ער זיי אויף א שוידערלעכן אופן אומגעבראכט. דא ווי־דער הערט מען: דאס איז אן אויסנאם, נישט קיין כלל, פיל וויסן צו דערציילן, וויאזוי קריסטן האבן זיי געגומען אין שוץ ביי אנדערע געפארן.



קבר־אחים של הקרבנות במיר, 1959 (בדרך לסוטולפצי)
דער ברודער־קבר פון די קרבנות אין מיר

די שטימונג איז א געדריקטע; מען דארף זיך שנעל דעצידירן, דער טאג איז קליין, באלד וועט צו־פאלן די נאכט, דא לויפט א פארזארגטע מוטער, וועמען עס איז נאך איבערגעבליבן איין קינד, זוכן א פאַר פעסטע שיך מיט א ווארעמען בגד צום ארויסגיין, עס איז דאך שוין הארבסט, זי ציטערט פאר איר קינד.

עס הערן זיך שטילע זיפצן פון איין אלטן פאטער: "לויפט קינדערלעך, לויפט, ג׳ וועט אייך העלפן, חיי שעה איז אויך געלעבט, עס איז מלחמה, מען ווייסט דעם אָנפאנג, אבער נישט דעם אויסגאנג פון איר, די וועלט איז גרויס, מען וועט נישט שווייגן דעם מערדער פאר די עוולות באוואנגענע אויף אומשולדיקע מענטשן.

עס הערן זיך וואס מער אויסרופן; לויפט קינ־דערלעך, ליבע, לויפט, נעמט נקמה פאר אונדזער בלוט, נקמה!

שטיל גייט באזארגט א יונגער מאן, ער וויל לויפן, אבער עס שטייט נעבן אים זיין קינד און מיט א וויינענ־דיקן טאן בעט עס זיך, טאטע, דו ווילסט לויפן און אונדז לאזן? עס רופט זיך אפ דאס פאטער־געפיל, לאזט אראפ דעם קאפ: — איך בלייב.

פארשיידענע מענטשן — פארשיידענע מיינונגען; די צייט איז קורץ; די נאכט פאלט צו, פינצטער ארום. שטיל, אומבאמערקט פארלאזט די באוואפנטע קליינע גרופע דאס געטא, עס באהערשט די איבערגעבליבענע אַן אומרו, א געפיל פון קנאה צו דער גרופע, א פאר־דרוס, וואס מען האט זיי ניט מיטגענומען.

א טייל באשליסט צו לויפן, וווהין די אויגן וועלן טראגן, ליידער אבער די גרעסטע טייל איז רעזיגנירט, מען בלייבט.

א טייל באשליסט זיך צו באהאלטן אין דעם אונטער־ערדישן וועג וואס — לויט די אלטע לעגענדעס — געפינט ער זיך אונטערן שלאס.

די מענטשן וואס באשליסן לויפן, זיינען נערוועז, מען קלערט זיך נישט אריין; עלטערן פארלאזן קינדער, קינדער פארלאזן עלטערן, שוועסטער פארלאזן ברידער, מען לויפט זוכן אַן ארויסגאנג, מען לויפט פארויס, געשטויסן פון א המון מענטשן צו א קליינעם פענצטער, וואס פירט פון א קעלער צום הויף, מען קוקט זיך נישט אום, מען ווארפט נישט קיין בליק אויף דער זייט, אויף די איבערגעבליבענע, מען ווייסט נישט, אז עס וועט דאך קומען א צייט, ווען מענטש וועט זיין מענטש, און דאס געוויסן וועט נישט לאזן רוען, און דער פארדרוס וועט אייביק עגבערן דאס הארץ, פאר־וואס זיינען אונדזערע, נאענטסטע, ליבסטע, אונדזערע טייערע חברים, יוגנט־פריינד פון אונדזער היימשטאט נישט מיטגעגאנגען?

בערל רעזניק

# דער קאמף קעגן די דייטשן

## אין שטעטל מיר

דעם 26.6.1941 זענען אריין צו אונדז אין שטעטל די דייטשישע ארמיי. אין משך פון איין מאנאט האט די געסטאפא אומגעבראכט די עו׳שטע 10 יידן, אויפ־שטעלנדיק א פראטאקאל, אז די יידן האבן פארברענט די שטאט נאכן אפטרעטן פון די רוסן.


משה רעזניק (פרטיזאַן)

דעם 9.11.1941 איז פארגעקומען די ערשטע שחיטה, עס זענען אומגעקומען 1500 קרבנות.

נאך דער שחיטה ארבעטנדיק אלס עלעקטראמאנ־טער אין דער דייטשער פאליציי האב איך דערקענט מיינעם א געוועזענעם חבר פון קאנגרעס פוילן מיטן נאמען שמואל רופאייזן אָסוואלד, מיט וועמען איך בין צוזאמען אין ווילנע אין קיבוץ געווען, ער איז געבליבן ארבעטן בא די דייטשן, אלס דאלמעטשער אונטערן נאמען פון א פאלקס־דייטש, ער האט געקראגן די פולע צוטרוי פון מייסטער פון זשאנדארמעריע און אויך פון פאליציי־קאמענדאנט פון אודנזער שטעטל.

איך האב זיך מיט אים פארבונדן און צוגעצויגן צו דעם מיין קוזין ישראל רעזניק און שלמה חרחס. ער האט אונדז צו וויסן געטון פון אקציעס קעגן יידן, פון אים פלעגן מיר באקומען ידיעות פון פראנט, פון א״י, און אנדערע נייעס, ווייל ער האט געהאט א צוטריט צום ראדיא.

אין שטעטל זענען פארבליבן נאך דער ערשטע שחיטה 850 יידן פאר וועלכע מ׳האט איינגעארדנט א געטא, ניט קיין פארצוימטן. שמואל פלעגט קומען אפט צו מיר אין שטוב און רופן מיר מכלומרשט פאררירכטן די עלעקטריע; דארטן פלעגט ער מיר אלעס איבער־געבן. אונדזערע פארבונדעטע זענען געווען 2 בחורות ראשע ראבינאוויטש און שפרה טשאני, וועלכע האבן געארבעט אין זשאנדערמעריע און פאליציי אלס צו־רוימערינס.

איינמאל האט אונז שמואל געמאלדן, אז זונטיק וועלן די דייטשן בלאקירן די שטאט, קיינער זאל ניט לויפן, ניט האנדלען, ווייל אנדערש וועט מען שיסן, די פאליציי האט טאקע אזוי געטאן, און די יידן וויסנ־

דיק פון אונדז דורכן יודן־ראט, האט זיך פאַרהאלטן רואיק, זענען געווען בלויז 4 פאלן פון טשעפען זיך צו אומשולדיקע און עס זענען געווען 4 קרבנות.

דער צווייטע פאל: שמואל האט געמאלדן אז עס פארן ארויס די גאנצע זשאנדערמעריע מיט פאליציי אין דארף בערעזניע דורכצופירן א שחיטה, זאלן די יידן אנטלויפן אין שטאט, מיר האבן געמאלדן דעם יודן־ראט, זייער שטענדיקע פראגע איז געווען, זאגט, ווער האט אייך דאס איבערגעגעבן, פון וואנען ווייסט איר, מיר האבן זיי נישט געוואלט זאגן, און די יידן האבן ניט געגלויבט, נאר 2 זענען אנטלאפן און א דאנק דעם געבליבען לעבן.

דער זעלבער פאל איז געווען אין דארף דאמאטאָוושטשיזנע, די יידן האבן ניט געגלויבט, קענענדיק גוט זייער פאליציי, פון 30 יידן איז נאר איין מיידל געבליבן לעבן.


ישראל רעזניק
פארטיזאן

4 בחורים פון שטעטל האבן זיך פארבונדן מיט א באָיעץ (א סאוויעטישער סאלדאט, א פלעננינק), ער זאל זיי פירן צו פארטיזאנער; מען האט זיי פארנארט אין א שייער, דריי געהרגעט מיט א האק און איינער איז דורך א צופאל געבליבן לעבן און געקומען אין יודן־ראט מעלדן, אסוואלד האט זיך גלייך גענומען צו די גויים, זיי ארעסטירט, איין גוי האט מען גלייך געשאסן, דער באיעץ איז אנטלאפן.

אין פינפטן מאנאט פון 1942 האט מען איבערגעפירט אלע יידן פון שטעטל אין דעם באוווסטן מירער זאמעק; דער ארייגאנג אהין נאר דורך איין גרויסן טויער, ארום און ארום מויערן פון איין זייט א טייך און דאס אלס ארומגעצאָמט מיט א שטעכנדיקן פארקאן פון 2 מעטער די הויך, און איין קליין טירעלע. זעענדיק, אז מען האט אונדז ספעציעל געבראכט אהער, כדי מען זאל אונדז האבן אויף איין אָרט, הויבן מיר אן צו ארגאניזירן אונדזערע חברים, די מערהייט חברים איז פון „השומר־הצעיר" ווייל צו זיי האבן מיר צוטרוי געהאט, מיר האבן ארגאניזירט ביי 80 יוגנטלעכע אין פינפטלעך, דער ציל אונדזערער איז געווען אין פאל ווען די דייטשן באפאלן דעם געטא, מוזן מיר ענטפערן מיט א ווידערשטאנד, יעדעס פינפטל האט געהאט צוגערייט איר אָפשניט, אין איינעם פון די טורעמס, אזעלכע טורעמס זענען געווען 6; דארטן האט מען צוגעגרייט שטיינער, אייזנס, שטעקנס, און נאך אזעלכע מינים קאַלט געווער, קיין הייס געווער איז דא נאך ניט געווען, געווען איז א פאל מיט מיינעם א חבר, וועלכער האט געקויפט ביי א קריסט א נאגאן, און דער קריסט איז אוועק מעלדן דאס דער פאליציי, די דייטשן האבן אים ניט פארשטאנען, אסוואלד האט געמוזט זיין דער דאלמעטשער, שמואל האט גלייך דורך ישראל רעזניק געמאלדן, אז מען זאל קיינעם ניט אריינלאזן אין געטא, און אז דעם יידן וועט מען שיסן, דער ייד האט געבעטן פאר נאך 30 פערזאן געווער, און עס דראט אויך די דרייסיק יידן אומצוקומען. שמואל האט אנגעזאגט, אז ער וועט קומען אין אוונט צום יידישן פריזירער און וועט אלץ געווי איבערגעבן, מיר האבן היכף געמאכט אן אסיפה פון אונדזער מזכירות, עס זענען געווען 1) בערל רעזניק 2) ישראל רעזניק 3) שלמה חרחס (השומר הצעיר) 4) הערשל פערניקאוו (בונד) 5) אידל פעקער (קאמוניסט) 6) חיים ליס (פרייהייט), מיר האבן באשטימט צו פאדערן בא שמואלן געווער, איך, מיין קוזין און חרחס האבן אנגעטרויט פאר די אלע חברים, אז שמואל איז א ייד און אונדזערער א חבר, אין אוונט איז שמואל געקומען צו אונדז אמטליך אנגעטאן אין א פאליציי אוניפארם, און האט אונדז געמאלדן, אז דורך א צופאל האט דער דייטשער קאמענדאנט זיך געראניעט אין פיס, מען האט אים אפגעפירט קיין באראנאוויטש און שמואל איז קאמענדאנט אויף זיין ארט. מיר האבן אים געמאלדן וועגן אונדזער ארגאניזאציע, מיר ווילן ניט פאלן ווי אונדזערע עלטערן בא די גריבער; מיר ווילן שטעלן א ווידערשטאנד, ער זאל אונדז געבען געווער, ער וויינט זיך פאנאנדער פאר אונדז און זאגט צו צו העלפן מיט וואס

ער וועט קענען, אויך זאגט ער צו שיקן און ברענגען ביקסן, וואס דאס איז אָן א צאָל בא זיי פאראן.

מיר האבן געהאט אן אָפגערעדטן ארט ווו מיר פלעגן ווארטן אויף אים, צונעמען די געווער און צוטראגן אין אונדזערע פון פארויס באשטימטע פונקטן.



איסר קוך
פארטיזאן

מיר האבן פאר דער צייט אנגעטראגן אין געטא 10 ביקסן, 800 ביקסן־קוילן, פאטראָנעס, 5 גראנאטן, 5 נאגאנעס, עטליכע מאפעס. מיר האבן באַשטימט, אז יעדע נאכט היטן דעם געטא פינף חברים פון אונדזער ארגאניזאציע, גלייכצייטיק האט אויך דער יודן־ראט אונדז ארויפגעשטעלט זייערע א ווארטע. מיר האבן באקומען גערוסן פון די שטעטלעך ארום מיר עס זענען דארט פארגעקומען שחיטות. אויך וועגן דעם אז ניעסוויעזשער יידן האבן אונטערגעצונדן דעם געטא און עטלעכע זענען אנטלאפן. מיר האבן פארשטאנען, אז ס׳וועט קומען א טאג, ווו אונדזער ריי וועט דערגיין. און דא איז געקומען דער יודן־ראט צו מיר מיט מיין חבר חרחס, מיר זאלן געבן דעם קאמענדאנט (זיי האבן נאך ניט געוווסט, אז ער איז א ייד) געלט און זאכן, מיר האבן זיך קאטעגאריש אפגעזאגט צו נעמען. אין איינעם א טאג איז שמואל געקומען צו אונדז און איבערגעגעבן, אז אויף דעם 13.8.1942 איז באשטימט די שחיטה פון אלע יידן, ביי אונדז אין שטעטל, און ער ראט אונדז ניט צו שטעלן קיין ווידערשטאנד, ווייל דאס איז זינלאז, מיר זענען צו שוואך, נאר מיר זאלן גיין אין פארטיזאנער. און דא הויבט זיך פאר אונדז אן די שרעקלעכע טראגעדיע. ער האט אונדז צוגעזאגט צו קומען דעם דאנערשטיק צום לעצטן מאל און אונדז אלעס גענוי איבערגעבן. ער האט אונדז געראָטן ס׳זאל ארויסגיין נאר יונגווארג, ווייל עס קען זיין אז מיר זאלן דארפן עפענען מיט זיי א קאמף, און דא הויבן אן איינרעדן מיין מוטער, און שוועסטער אז עפעס א פאליציאנט וויל אויף דעם חשבון פון די יידן מאכן אקאריערע, און געוויס איז די געווער פארזשאווערט, און ער וועט אלעס ארויסגעבן דער פאליציי. מיין מוטער האט מיר געזאגט: „קינדער, מען וויל אייך יונגווארג פריער אומברענגען גייט ניט אין דער נעץ". די נאכט האבן מיר זיך געזען מיט שמואלן, ער איז געקומען מיט אונדז זיך געזעגענען. ער פארט אויף פינף טעג מיט דער פאליציי, זוכן פארטיזאנער, און ער זאגט אונדז די וועג, ווו זיי גייען, און מיר זאלן נאכגיין אין טריט פון זייער וועג. ער ראט אונדז ארויסגיין שבת אדער זונטיג אמשפעטסנס, פרייטיק און שבת ווערט א טומלעניש אין געטא, מען רעדט שוין אפן וועגן א שחיטה, נאר ווען ווייסט מען ניט. שבת האט אונדז פאררופען דער יודן־ראט און מיר האבן אויפגעקלערט, אז מיר גייען אוועק, און ס׳וועט פארקומען א שחיטה. זאל גיין ווער עס וויל, קיין גענויעם פלאן האבן מיר ניט. און יעדער איינער פון אונדז האט גענומען חברים. איך האב געמוזט אויפקלערן אייניקע פעראנטווארטלעכע יידן אויך מיין מוטער אז אוסוואלד איז א ייד, און ער ווייסט שוין אלץ, אפילו ווו די גריבער דארפן זיין.

און מיין מוטער צוזאמען מיט דער שוועסטער, רעזיגנירנדיק פון אלעס האבן מיר געוווּנטשן א גליקלעכן וועג, בלייבנדיק אויף אומקום, צוזאמען מיט אלע איבערגעבליבענע יידן. מאכנדיק פאר מיר מיט מיין געוועזענער דאן חברטע פעסע שקלאר א פעקל צום וועג. יעדע גרופע האט געהאט איר ארט פון ארויסגיין: שטריק פון די הויכע פענסטער, אויך דורך קליינע פענסטערלעך, זענען מיר ארויס פון געטא. מיר האבן זיך אפגערעדט צו טרעפן אין נאנטסטן וועלדל 9.8.1942 זונטיג ביינאכט. אין וועלדל זענען מיר איבערגעזעסן דעם טאג, ביינאכט האבן מיר זיך צעטיילט אין 5 גרופן און געגאנגען ווייטער, ניט וויסנדיק וווהין.

עס זענען געווען מאמענטן, ווען יידן האבן פון אונדז געפאָדערט: צו וואס האט איר אונדז ארויסגעפירט ניט זעענדיק קיין ציל פאר זיך. אויפן צווייטן טאג האבן מיר זיך דערפרייט מיט די ערשטע רוסישע פארטיזאנער, וועלכע האבן אונדז באגעגנט, און גע־

לערנט דעם אנהויב פון פארטיזאנקע, דערנאך האבן זיי שוין אנגעהויבן בעטן זייגערלעך, בראנפן, און בכלל געלט. וואס אונדז האט דאס גלייך ניט געפעלן.

צווישן די פארטיזאנער האבן מיר געטראפן דעם פוילישן קאמאנדיר יוזשיק וועלכער האט זיך מיט אונדז פארבונדן, און אלע טאג פלעגט מען אונדז שיקן פון איין ארט אין צווייטן, און עס האט זיך ביי די פארטיזאנער אנגעהויבן א קאמף ווער עס נעמט אונז צו. דורך די פארטיזאנער האבן מיר זיך דערוווסט פון דער שחיטה וועלכע איז פארגעקומען דעם 13.8.1942, עס זענען אומגעקומען אונזערע איבערגעבליבענע פאמיליעס אין שטעטל. דעם ערשטן נקמה־אקט וואס מיר זענען געגאנגען נעמען מיט די פארטיזאנער צוזאמען, דאס איז א זאסאדע צוצונעמען ביי די פויערים די בהמות וועלכע זיי האבן געפירט אין שטאט, אבער לסוף האט מען אונדז יידן מער ניט ווי אונטערגעשטעלט, ווו איך בין געראניעט געווארן אין פוס דורך דער שטעטלדיקער פאליציי. אפשיסנדיק זיך האט זיך מיר איינגעגעבן צו אנטלויפן. מיר זענען זיך דאן ווידער צונויפגעקומען און פלעגן יעדע צוויי טעג שיקן פורן נאך פראדוקטן, מיט וועלכע מיר האבן אויסגעהאלטן די אלע איבערגעבליבענע יידן. די רוסישע פארטיזאנער פלעגן אונדז שטענדיק פארווארפן, אז מיר זענען ניט קיין גוטע פארטיזאנער, מיט דעם וואס מיר זארגן וועגן עסן, און נעמען דאס ביי די פויערים, און מיר שטערן זיי צו נעמען. מיר זאלן אוועקגיין אין „זאניעמען". מיר זענען ניט מסכים געווען פילנדיק, אז דארט ערווארט אונדז עפעס שלעכטס. מען האט מיך גערופן און אויך מיין חבר חרחס מען האט אונדז געהייסן לייגן דאס געווער, פארווארפנדיק אונדז ציוניזם, ד. ה. קעגנער פון דער סאוויעטן מאכט. האבן מיר זיך געמוזט אפזאגן. און זעענדיק די רעפרעסיעס וואס זיי קענען אנעמען האבן מיר זיך געמוזט אפזאגן. און דא האבן מיר געהאט דעם ערשטן איבערפאל פון פאליציי אויף אונדזער לאגער, האבנדיק זייער ווייניק געווער, און די רוסישע פארטיזאנער וועלכע זענען געווען נעבן אונדז, זענען אונדז צו הילף ניט געקומען און די וואס זענען מיט אונדז יע געווען, זענען זיך צולאפן. מיר האבן דאן געהאט קרבנות, און מיר האבן געמוזט אפטרעטן, פאליציי האט אונטערגעצונדן דעם וועלדל.

פיל חברים האבן זיך צעטיילט אין גרופן און זענען אוועק אויפן צווייטן זייט ניעמען.

איך זייענדיק געראניעט האב געמוזט בלייבן אויפן ארט און מיר האבן זיך ארגאניזירט אין א גרופע פון 17 חברים, צווישן זיי 3 פרויען, און 2 קינדער;



ישראל דוברין
פארטיזאן

אזוי האבן זיך איינגעארדנט נאך ביי 5 גרופן. צעטיילנדיק די געווער צווישן אלע גרופן. מיר האבן איינגעארדנט אונטערערדישע זעמליאנקעס, באהאלטנדיק זיך פון פאליציי, און אויך פון די רוסישע פארטיזאנער, הערנדיק אז אין „זאניעמען" זענען שוין 10 חברים געפאלן פון רוסישע פארטיזאנער. ספעציעל אונזער גרופע פלעגט גיין אויף זאסאדעס, עטלעכע בריקן אראבגעלאזן און אונטערגעצונדן, אונטערגעשניטן טעלעפאנישע סלופעס, און דראטן וואס די רוסישע פארטיזאנער האבן אין יענער ערשטער צייט מער ניט געטאן. מיר האבן צוגעקראגן ביי די פויערים אין די דערפער שפייז. די רוסישע פארטיזאנער, די באוווסטע קורבאנאווצעס, און די דאמאלדיקע פאראשוטיסטן געשיקט פון מאסקווע, און אויך די קאמסאמאלצעס פלעגן טרעפן אונדזערע חברים און עטלעכע מאל צוגענומען דאס געווער. זיי פלעגן קומען צו די יידישע גרופן צונעמען אלע פראדוקטן, אלע זאכן. עס זענען

ארויס 2 חברים מיין קוזין ישראל רעזניק און גולד־שטיין אין נאנסטן דארף, ווו זיי זענען געפאלן פון דער פאראשוטיסטן גרופע, ווען מיר זענען געקומען צו זיי אין לאגער, האבן זיי אונדז געענטפערט, אז מען וועט אויסקומען אן יידן. מיר האבן געזען אז אין די גרופן וועלן מיר איינציקוויים אומקומען, האבן מיר אנגעהויבן בעטן אז מען זאל אונדז צונעמען אין אטריאד, וואס מען האט אונדז קאטעגאריש אפגעזאגט. אויב יע צו־נעמען, איז נאר די יונגווארג נאר מענער. לסוף איז אונדזער גרופע אוועק צו די רוסישע פארטיזאנער, אלס א יידישע גרופע. דעם ערשטן קאמף האבן מיר געהאט מיט דייטשן, ווען זיי זענען געקומען אייסהאר־גענען פארטיזאנער פאמיליעס, וועלכע האבן געוווינט אין די דערפער ארום פושצע. אונדז צו הילף איז גע־קומען דער באוווסטער קאננער־אטריאד מיטן קאמאנ־דיר העלד מיצקע. עס זענען געהרגעט געווארן פיל דייטשן און פאליציי, און אויך דער דייטשישער שעף. אונדזער אטריאד האט געליטן מער קרבנות. עס איז געראניעט געווארן דער קאמאנדיר יוזשיק, און אויך עטלעכע אומגעקומען. קומענדיק אין לאגער האבן די קעגנער פון קאמאנדיר מיטן באוווסטן דאנילען קא־מאנדיר, געשטעלט פאדערונג אז זיי ווילן זיך אפ־טיילן פון די יידן. און האבן אויסגעטראכט א בלבול אז א ייד איז שולדיק אין אומקום פון א פארטיזאן, און זיי האבן דעם יידן געשאָסן. און מיר האבן געמוזט פארלאזן ביי א 40 יידן צוזאמען מיטן קאמאנדיר יוזשיק דעם אטריאד און מיר זענען אריבערגעפארן אין די וואלאזשינער און איוויענצער וועלדער.

אונדזער' גרופע האט מען צוגעטיילט צו דער טשקאלאווסקער בריגאדע, וואס עס האט זיך דאן גע־שאפן, אטריאד קיראוו, קאמאנדיר אטראדא וואסוטין, די גרופע אונדזערע האט מען צעווארפן איבער די ראטעס און זוואדן. דער ערשטער ארויסמארש אונד־זערער פון דער גאנצער בריגאדע איז געווען אויף א זאסאדע נעבן שטעטל האַראַדאָק, צוזאמען מיט א גרו־פע פאראשוטיסטן וועלכע זענען צו אונדז געקומען פון מאסקווע. מיר די יידישע גרופע האט זיך זייער אויסגעצייכנט אין קאמף, עס זענען געפאלן א היפש ביסל דייטשן. אויך מיר האבן געהאט עטלעכע קרבנות. וועגן אונדז האט זיך די קאמאנדשאפט זייער פיין אפ־גערופן. אונדזערע חברים זענען אוועק אין פאדריוו־גרופן אראפלאזן באנען און זיך זייער פיין אויסגע־צייכנט.

דאן האט זיך אנגעהויבן שאפן דער נייער אטריאד סטאריצקי, מיר האבן גלייך געזען, אז אונדזערע חברים זאלן אריבער אהין, א קליינער צאל האט זיך איינגעגעבן איבערצופירן אין דעם נייעם אטריאד. א גרופע פון 11 חברים זענען אוועק ברענגען נאך חב־רים, און 8 חברים זענען דעם 6.1942 מאנאט געפאלן קרבנות פון די באנדיטן פארטיזאנער פון דאנילאווס אטריאד. מיר האבן געפאדערט ביים צענטער פון די פארטיזאנער פלאטאן, ער זאל מישפטן די מערדער, האט מען אונדז געענטפערט אז זיי האבן פיל עשא־לאנען (באנען) אראפגעלאזן און האבן אפילו די גע־ווער פון די אומשולדיקע חברים ניט צוריקגעגעבן. עס איז דאן איבערגעפארן דער יידישער אטריאד ביעלסקי, נענטער צו אונדז און נאליבאקער פושטשע און די אלע איבערגעבליבענע יידן זענען אריבער צו אים אין אטריאד. אין די טעג פון דער ערשטער גרויסער אָבלאַווע פון 55 דעוויזיעס דייטשן און פאלי־ציאנטן איבער פארטיזאנער ביי אונדז אין פושצע איז פאר אונדז יידן געווען נאך שרעקלעכער אויסצושטיין פון די רוסישע פארטיזאנער, אונדזער אטריאד האט געהאלטן א זאסאדע ביים עראָראס, ווו מיר האבן געקעמפט 5 טעג ניט צולאזנדיק די דייטשן, אריין אין פושצע. מיר האבן פיל פון זיי געהרגעט, גענומען טראפפיען א טאנק און פולעמיאט, האנט פולעמיאָטן פיל אן א צאל ביקסן און פאטראנעס, און דאן געמוזט אפטרעטן. מען האט זיך צעטיילט אין גרופן און אזוי מיט מאטערניש, הונגערנדיק איבערגעקומען די בלא־קאדע. אין דער בלאקאדע האבן מיר און איך ספעציעל געהאט די מעגלעכקייט פון נקמה צו נעמען פון די דייטשן. נאך דער בלאקאדע האט מען אונדז עטלעכע חברים צוגעטיילט צום ניי געשאפענעם אטריאד ווו ס'איז געווען קאמאנדיר לעדאיעוו, אונדזער בריגאדע האט זיך צעטיילט אויף צוויי, אונדזער קאמאנדיר וואסוטין איז געווארן קאמבריג פון אונדזער נייגע־שאפענער בריגאדע זא סאוויעצקא־ביעלארוס: אויך אונדזער אטריאד האט אזוי געהייסן. דא האבן מיר זיך געטראפן מיט יידן וועלכע זענען פון זייערע שטעט געבליבן לעבן. מיר האבן געהאט נאך צוויי אנפאלן פון דייטשן און פאליציי, ספעציעל אויף אונדזערע לא־

גערן וואס מיר האבן שטארק אפגעשלאגן. עס זענען געפאלן צוויי אונדזערע חברים זייער העלדיש אין קאמף.

אין אונדזער אטריאד האט זיך אנגעהויבן מערן אווטאָמאַטן און נייע פולעמיאָטן, מינאָמיאָטן ווינטאָווקעס.

אונדזער בריגאַדע האט זומער 1943, אנטיילגענומען ביים פארנעמען די שטעטל איוויעניעץ, און מיר האבן געהאלטן די שטעטל דריי טעג. איך האב באַקומען א ידיעה אז אוסוואלד איז געקומען אין פארטיזאנער, און געפינט זיך ניט ווייט פון אונדזער יידישן אטריאד. איך בין צוגעפארן צו זיי אין אטריאד, וו איך האב געטראפן שמואל רופאייזן אוסוואלד, מיין איבעראשונג איז געווען גרויס טרעפנדיק אים לעבעדיק, דעם אוונט זענען מיר געבליבן צוזאמען, און ער האט מיר דערציילט פון זיינע איבער־לעבענישן נאך אונזער אוועקגיין אין וואלד. דער מייסטער פון דער דייטשער זשאנדעמעריע האט ניט געגלויבט אין זיין מורדה זיין זיך אז ער איז א ייד. מען האט אים געוואלט שיסן. אים האט זיך איינגעגעבן צו אנטלויפן. און אפזייענדיק א יאר פארבאַהאלטן ביי הייליקע שוועסטער אין שטאל און קעלער איז ער ערשט געקומען אין פארטיזאנער. די פארטיזאנער האבן אים געוואלט שיסן נאר דערפאר ווייל ער איז א ייד און א געוועזענער קאמענדאנט. אונדזערע חברים האט זיך איינגעגעבן מאכן די ספראווע צו גארניט. און ער איז געבליבן לעבן אין אטריאד. ערשט ארויסגייענדיק פון וואלד אויף דער פרייהייט האב איך זיך דערוווסט אז אוסוואלד שמואל איז אריבער צום קאטוילישן גלויבן, זייענדיק פערבעהאלטן ביי די הייליקע שוועסטער, האט ער פארלאזט אונדזער יידישקייט.

עס דערנענטערט זיך דער יאר 1944, די רויטע ארמיי דערגייט נענטער צו אונדז. מען הערט שוין אָפט ביינאכט די שווערע הארמאטן־שאסן פון פראָנט. מען זעט אָפט סאוועטישע עראָפלאנען. די פויערים רעדן שוין אָפן אז די רויטע ארמיי איז שוין נאנט. מיר קריגן א באפעל פון דער קאמאנדשאפט אנפירן זאַפאסן מיט פראדוקטן אין פושטשע, ווייל דער פראנט איז שוין נאנט, און ווען ער וועט זיך רירן, וועט מען מוזן זיצן אויף איין ארט.

דעם 5־טן מאנאט 1944 האבן מיר באקומען ביינאכט א באפעל ארייננמארשירן אין שטאט וואַלאָזשין, וואס איז דריי יאר פון אָקופאציע געווען א שרעק פאר דער גאנצער באפעלקערונג ארום. די פאליציי, זעענדיק מחנות פארטיזאנער, צעלויפט זיך, אזוי אויך די איבערגעבליבענע דייטשן, מיר האבן געהאלטן די שטאט א גאנצן טאָג, איך האב צום ערשטן מאל פאר צוויי יאר געהאט די מעגלעכקייט צוזאמען מיט נאך חברים פון שטעטל צו נעמען נקמה פון פויערים, שלאגנדיק זיי ביז טויט, און צונעמנדיק אלעס פון זיי אין פושטשע ארייך. צו אוונט צו האבן מיר געמוזט אפטרעטן, ווייל עס האבן זיך שוין געוויזן די אפטרעטנדיקע דייטשן.

די רויטע ארמיי טרעט זיי שוין אויף זייערע טריט. מיר מאכן זאסאדעס אויף די וועגן און מען צעטרייבט זיי. פיל פון זיי גייען דורך דער פושטשע. רייסנדיק זיך אויף לידע, ווילנע, ליטע, פאמערן קיין דייטשלאנד. אונדזער אטריאד באקומט א באפעל צו רייניקן די דייטשן פון פושטשע. און זיצענדיק מיט מיין אָטדעלעניע פון 10 פערזאן אויף פאסט האב די מעגלעכקייט צו טרעפן זיך אויג אויף אויג מיט דייטשן. די ערשטע צוויי וואס איך האב געטראפן זענען געווען אן געווער; איינער פון זיי האט אפילו הערנדיק פון מיר אז איך בין א ייד און איך האב אים געזאגט אז איך וועל אן אים נקמה נעמען פאר מיינע און מיין פרויס עלטערן ברידער און שוועסטער, פריינט, און אלע יידן, זיך אנגערופן אז ער אליין שטאמט פון יידן, דער קאמאנדיר האט מיר געגעבן די ערלויבעניש אים אפצופאטערן. אין עטלעכע שעה ארום מעלדעט מיר דער פאָסטאָוואָי ווידער אז עס גייען אין די בלאטעס דייטשן, איך נעם 4 באָיצי און צווישן זיי א יידיש מיידל גורוויץ און מיר גייען אויף זיי. הערן זיך עטלעכע שאסן פון א פיסטאָלעט צו אונדז. מיר רינגלען אים ארום. און ער גיט זיך גלייך אונטער, אוועקוואַרפנדיק דעם פיסטאָל, ער קריגט עטליכע פעטש, פארוואס ער האט אויף אונדז געשאסן. ס'איז געווען אהויכער דייטש אנגעטאן זייער שיין מיט פיל דאקומענטן און אויסצייכנונגען, שפעטער האבן מיר זיך דערוווסט, אז דאס איז אַ געוועזענער מינסקער געסטאפא.

איך האב אים אפגעפירט אין שטאב ווו מיר האבן אים גענומען אויף פערהער און מען האט ביי אים געפונען 2 בילדער ווי ער שטייט נעבן קברים פון אומשולדיקע געהרגעטע יידן מיט לאטעס, און האלט דעם קאנטשיק אין האנט; א מינסקער מיידל דערקענט אים איר אמאליקן שלעגער אין געטא מינסק. מיר פאדערן פון קאמאנדשאפט איבערצוגעבן אים אין יידישע הענט, ער ווערט געשאסן.

אין די קאמפן זענען ביי אונדז געפאלן די חברים: ישראל דאברין פון מיר פארנדיק אלס פארבינדער פון בריגאדע צום צענטער, דובאוו. אויך ביי אונדז אין אטריאד איז געפאלן חבר שקלוט מוטל אלע פון סמאר־גאן, אין עטלעכע טעג האבן מיר באקומען א באפעל ארויסגיין פון פושטשע. נאך צוויי יאר בענקעניש נאך פרייהייט דערזעען מיר צום ערשטן מאל פריי פאר זיך די וועגן פון שטאט, דארף, און מיר טרעפן זיך מיט די ערשטע רויטע ארמייער, ערשט דא פילט מען אז מיר זענען געבליבן אליין. עס פעלן אלע נאנטע און פריינט, די קאמאנדשאפט באשטימט, אז מיר גייען גלייך העלפן דעם פראנט, אבער אונדזער אנטוישונג איז זייער גרויס דאס שיקט מען אפ די מערהייט יידן. און מען לאזט אפילו ניט אפ אין אייגענעם שטעטל נקמה צו נעמען פון די שטעטלדיקע מערדער. מיר גיט זיך איין אפפארן אין שטעטל מיר, ווו איך טרעף נאך א פאליציאנט, וועלכער האט מיך אויף אזאסאד'ע געראניעט. איך גיב אים איבער אין נ.ק.ו.ד.

## מיכאל קאפעלאוויטש

### איינער פון די פארטיזאנער געפאלענע
### געבוירן 1912, א זון פון חנן „דער שמיד".

מיכאל איז געבוירן געווארן אן דער רעכטער האנט, אבער נישט קוקנדיק דערויף איז ער געווען פיזיש און גייסטיק געזונט, געלערנט אין חדר, אין תלמוד־תורה, און דער נאך אין דער פוילישער שול. גלייכ־צייטיק זיך געלערנט עברית, און געענדיקט א לערער־סעמינאר אין ווילנע. ס'איז אים נישט גרינג אנגעקומען דאס לערנען, ווייל ער האט געמוזט געבן לעקציעס כדי זיך אויסצוהאלטן, געליטן הונגער און קעלט. ער איז געווארן א לערער אין דער מיר, פלעגט געבן פריוואטע לעקציעס, ווייל קיין רעגירונג־שטעלע האט ער נישט געקענט קריגן. נאר ווען די באלשעוויקעס זענען אריין אין מיר, האט ער באקומען א רעגירונגס־שטעלע אין א שול, דארט האט ער זיך באקענט מיט דער לערערין רחל פעלד פון ווארשע, און אין 1941 האבן זיי חתונה געהאט.

נאך די ביידע שחיטות אין געטא איז זיי געלונגען אנטלויפן אין וואלד צו די פארטיזאנער אין אוגוסט 1942.

אין אפריל (פסח) 1943 האבן די פארטיזאנער פון „קאמסאמאלסקי אטריאד" דערהרג'ט מיכאל קאפעלא־וויטש מיט זיין פרוי רחל, איינער פון די מערדער איז געווען א בערעזשנער שייגץ.

שמעון קאגאן (וויניפעג)

# פון פּאַרטיזאַנער־לעבן

זונטיק, דעם 9.8.42, אין איין אויסגעשטערענטער נאַכט, האָבן 200 מאַן פון דער מירער יוגנט פאַרלאָזן דאָס געטאָ, כדי צו קעמפן מיט די דייטשישע מערדער. יעדער איינעמס פאַרלאַנג איז געווען צו דערלעבן די נקמה, אָבער מען האָט נישט געוווּסט, וויאַזוי זיך אַרויס־גנבענען פון דעם שרעקלעכן געטאָ, וואָס איז אַרומגע־רינגלט מיט די הויכע ווענט פון מירער שלאָס, אַרום די דייטשישע מערדער, גוט באַוואָפנט, שטענדיק גרייט צו שלאָגן און מאָרדן, האָבן נאָר געוואַרט אויף דער געלעגנהייט צו באַמערקן עמעצן זיך באַוועגן ביים אַ־רויסגאַנג. טראָץ דעם האָט אונדז די שרעק נישט אָפּ־געשטעלט; איינער נאָכן אַנדערן האָט זיך אַרויסגעצויגן דורך דעם שמאָלן לאָך אין דער דיקער וואַנט פון מירער שלאָס, נישט וויסנדיק וווּהין מען גייט און וואָס מען וועט טאָן. מען האָט נאָר געפילט די פרישע לופט אין זומערדיקן אָוונט אויף די מירער פעלדער, וועלכע זענען געווען פאַרגאָסן מיט אונדזער בלוט. מיר האָבן זיך אַריבערגעגנבעט דעם סטאָופּצער שאָסיי. פאַרבייגיי־ענדיק די גרויסע קברים לעם וועג, ווו מען פלעגט אַמאָל גראָבן זאַמד. מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין מיראַנקער וועלדל, אַזוי האָבן מיר זיך אַרומגעשלעפּט איבער די אַרומיקע וועלדער מורא האָבנדיק צו רעדן הויך, נישט האָבנדיק קיין ביסל וואַסער, לעקענדיק די בלעטלעך פאַר דאָרשט, אָבער דאָך האָב איך געהאַט גרויס פאַרדראָס, פאַרוואָס איך האָב נישט איינגערעדט מיינע פיר שוועסטער, חיה מיטן מאַן, קוניע, שרה און ביילע, וועלכע האָבן מיך אַרויסגעשטופּט אַרויסגיין און אַליין פאַרבליבן. שרה, קוניע און ביילע, סאָניע האַצקל דעם קצב׳ס, און ציליע חאַניע דעם שמיד׳ס, האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער אין געטאָ, דאָרט געזעסן 9 טעג, אין דער פינסטערניש, און דערנאָך דעם 25־טן זיך אַנגענומען מיט מוט און אַרויסגעגנבעט זיך אין וואַלד, ווען אַלע אין געטאָ זענען שוין געווען אויסגע־שאָכטן. מיין פרייד איז געווען גרויס, אָבער נישט אויף לאַנג. דעם 30 אויגוסט 1942 אין אַ זונענדיקן פרימאָרגן, זיצנדיק ביים פייער און באַקנדיק קאַרטאָפל, ווען חיים ליס איז געשטאַנען אויף וואַך מיטן ביקס, הערן מיר עפּעס צווייגעלעך ברעכן זיך, די מערדערישע מירער פּאָליציי האָבן זיך אונטערגעגנבעט גאַנץ נאָענט צו אונז. מיר האָבן נאָר געהערט חיים־ליסן אַ געשריי־געבן „בלייב שטיין״! און ער האָט אויסגעשאָסן אויף זיי. אָבער זיי האָבן אונדז גלייך באַדעקט מיט אַ האָגל קוילן און מיר זענען זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען. די צוויי קרבנות וועלכע די קוילן האָבן נישט אויסגעמיטן, זענען געבליבן ליגן אויפן פּלאַץ, דאָס איז געווען מיין שוועסטער ביילע קאַגאַן און חיים ליס.

דבורה ראקאוויטש־רעסעל

# מיר געזעגענען זיך מיט די קברים

נאך יארן פיין, יסורים, קעלט און הונגער און שטענדיקע סכנות, נאך יארנלאנגע וואלגערנישן אין וועלדער, פעלדער און זומפן, זייענדיק איבער א יאר אין אונדזער „באפרייט" געבורטס־שטעטעלע, האבן מיר באשלאסן צו פארלאזן דאס ארט, די ערד דורכגעזיפטע מיט אומשולדיק יידיש בלוט, און לאזן זיך אין דער גרויסער וועלט אריין.

אלול 1945. אין שטעטל איז שטיל. נישטא קיין זכר פון אמאליקן יידישן לעבן. עס דערמאנט זיך די שטי־מונג וואס האט געהערשט ווען אונדזערע טייערסטע האבן דא געלעבט, ווען ס׳איז געווען א נארמאל לעבן.

גאנץ פרי פלעגן יידן לויפן צו סליחות אין שול אריין. עס פלעגן אנקומען יידן פון אויסלאנד, פון אנ־דערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן כדי דאווענען ימים נוראים אין דער בארימטער מירער ישיבה. א מיסטע־ריעזע אימה פלעגט ארויסרופן ביי אלע, מאדנע געדאנ־קען און געפילן, אנדערע פלעגן אין די אלול־טעג גיין אויפן בית־עלמין צו קבר־אבות, אראפרעדן זיך ביי די שטילע מצבות פון הארצן די דאגות און צרות. פרויען פלעגן אויפן קול זאגן תחינות און געבעט.

לײדער פארמאגט היינט אונדזער שטעטל נישט נאר דעם אלט הייליגן ארט, נאר עס זענען צוגעקומען 4 ברידער־קברים, א חוץ צענדליקע איינצעלנע קברים, פארשפרייט אין פארשידענע ערשער.

מיר גייען ביידע זעגנען די קברים, שטיל, יעדע־איינער פארטראכט אין זיינע געדאנקען.

דער ערשטער ברודער־קבר געפינט זיך הינטערן וואלד אויף גאראדזיער וועג, א קילאמעטער גייענדיק גלייך מיטן וואלד. דא האבן די מערדער־סאדיסטן פאר־שניטן דאס לעבן פון 24 קרבנות — 6 קריסטן און 18 יידן, צווישן זיי אויך אונדזערע ליבער ברודער ירוחים רעסל ע״ה. ער ליגט דער 4־טער אין דער ערשטער ריי. מיר בויגן אראפ דעם קאפ, טרערן פליסן פון די אויגן. ווי שווידערלעך, פשוט אומגלויבלעך איז געווען זייער לעצטער וועג, כ״ו תמוז 1941, דריי וואכן נאכן פארנעמען אונדזערע געביטן דורך די רוצחים. מ׳האט שוין געפילט די גרויסע נויט און הונגער, ענגשאפט אין וווינונגען, אבער ווער קען זיך פארשטעלן אז עס דער־ווארט אונדז יעדן איינעם — א פריצייטיקער גרויזא־מער טויט ? אבער מיר האבן עס אנגעהויבן צו פילן.

אט איז יענער טאג פון דער ערשטער שחיטה. אין שטעטל איז רואיק. מען זאמלט זיך צו מנינים כדי אפריכטן די תפילות. **אייגנטלעך דארף** מען נישט אויפ־קלייבן קיין מנין; מען וווינט אזוי ענג, אז עס פעלן נישט קיין מענער. מען וווינט ענג, צוזאמענגעדריקט, צו 5—10 משפחות אין א קליין הויז, אבער מען פילט נישט די ענגשאפט ווייל די מורא ביינאכט טאמער בא־פאלן די קריסטלעכע שכנים, די מורא פאר מארד, קלעפ און רויב, מאכט פארגעסן די באקוועמלעכקייטן. מען גייט ארום וייניק אין די גאסן, ווייל מען איז נישט זיכער, עס קען אנלויפן א דייטש און ס׳וועט זיך אים פארגלוסטן צו שיסן אויף אונדז, און סתם קריסטן, וואס האבן ביז נישט לאנג פריינדלעך געשמייכלט צו אונדז — האט זיך אין זיי אנגעצונדן א העליש פייער פון רציחה, און זיי שלאגן און רייסן שטיקער פון אומשול־דיקע פארבייגייער.

שטיל זיצט מען אין די הייזער, די טיר פארמאכט, זי איז באצייכנט מיטן מגן־דוד מיט "JUDE" אין מיטן. עס איז שלעכט, אבער די משפחות זענען, מיט איינ־צעלנע אויסנאמען, גאנץ. פלוצלינג פארנאכט קומען אן דייטשן, קיינער פארשטייט זיך נישט אויף זייערע מונ־דירן מיט די טרופן־צייכנס. זיי רופן אייניקע יידן, שאפן א יודן־ראט, הייסן אנטון געלע לאטעס, באפוילן אויף מארגן פרי אלע מענער זאלן זיך פארזאמלען אויפן מארק־פלאץ. **ווער עס וועט זיך פארבאהאלטן** — וועט דערשאסן ווערן.

עס הויבט זיך אן א לויפעניש און זוכעניש נאך א שטיקל געלן שטאף, גלייך שאפן זיך קינסטלער פון

צושניידן און צונייען די לאטעס. מיטן אנטון דעם צייכן ווערט געחתמ׳עט אונדזער גורל. מיר זענען הפקר, מיר פארלירן אלע רעכט. די געלע לאטע לויכט אפּ פון דערווייטן, רופט ארויס שפּאט און גרינגשאצונג ביי אונדזערע קריסטן־שכנים; אונדז שטעכט דאס הארץ מיט גרויס ווייטאג און פארדרוס.

דעם ערשטן באפעל האט מען אויסגעפירט, די געלע לאטעס זענען שוין אויף אונדז; יעצט קומען אן יעדן טאג נייע באפעלן, נייע גזירות.

צומארגנס זונטאג אין דער פרי: יידן פון פאר־שיידענעם אלטער, יידן מיט לאנגע בערד, מינדעריע־ריקע, אויסגעשטעלט אין רייען אויפן מארק ביים פּרא־וואסלאווגעם קלויסטער, מיט די לאטעס אויף דער ברוסט און רוקן, מיט די היטלען אין האנד, מיט דער־שראקענע פנימער, שטייען גרייט אויסצופירן די בא־פעלן. „לעדער בריינגען" — פאלט א באפעל — „לאפּא־טעס בריינגען". עס געפינען זיך גלייך מיטהעלפער: 2 קריסטן. איינער קירקע, א געוועזענער פויער (א פארא־בעק אין זאמירער הויף) און יאַלאַק, א מירער טעפער פון מיראנקער גאס. זיי ביידע ווייזן אן וועמען ארויס־צונעמען. מען נעמט ארויס 18 יידן, אנגעזעענע מענטשן אין שטעטל, צווישן זיי אויך אונדזער ברודער ירוחים ע״ה. מען ברענגט אויך 6 קריסטן, שטעלט זיי צום ווענטל ביים קלויסטער, שלאגט מערדעריש מיט די פיס און ביקסן, הייסט זיי איינשטייגן אין אויטו, מיט וועלכן זיי מאכן דורך זייער לעצטן וועג.

אונדזערע עלטערן, דערוויסנדיק זיך, אז מען האט ירוחימען צוגענומען, לאזן זיך די ערשטע צום ארט פון אומגליק. זיי קומען צו, די ערד ציטערט. עס ליגן נאך נישט דעררויכערטע ציגארעטן פון די מערדער. עס קומט צו א קריסט, וואס האט נישט ווייט געפּאשעט קי און דערציילט ווי דאס איז פארגעקומען: מערדער־לעד צושלאגן, געגראבן אליין פאר זיך דעם קבר און באגראבן געווארן לעבעדיקערהייט, ווייל דעם מערדער איז געווען א שאד א קויל.

אין א קורצער צייט ארום, אויף דער בקשה פון די ארומיקע פויערן, אז וועלף זאמלען זיך ארום די קברים, דערלויבט מען דעם יודן־ראט אריבערטראגן די טויטע קערפּער אין א טיפערן קבר, צו דער גריפּע ארבעטער שליסט זיך אויך אן מיין פאטער ע״ה, וואס האט מיט זיינע אייגענע הענט אנגענומען זיין זון, ווי א קליין קינד און אים אוועקגעלעגט צו זיין אייביקע רו. קיין סימן פון שיסן אויף זיין קערפּער, נאר אויסגעהאקטע ציין מיט א פארדרייטן מויל. לעם אונדזער ירוחימען ע״ה פון איין זייט ליגט יאשע ראזאווסקי ע״ה ביי וועלכן עס פעלט די נאז; פון צווייטער זייט יונה פיסעטשני ע״ה, אן די אויערן. אזוי זענען אלע 18 יידישע קרבנות אומ־געקומען דורך רייסן פון זיי לעבעדיקע שטיקער.

מיר זעגענען אונדזער ליבן ברודער, מיר זעגענען יעדן איינציקן באזונדער, מיר קוקן זיך איין אין א קרייץ וואס שטייט אויפן קבר, די קריסטלעכע משפחות האבן עס פאר אלע אויפגעשטעלט.

מיר גייען ווייטער צו די אנדערע 2 מאסן־קברים נאך דער שחיטה פון י״ט חשוון 1941. איין מאסן־קבר געפינט זיך אויף סטאלפּצער נייעם וועג, הינטער דעם פלאץ פון אמאליקן פוילישן געריכט, א קבר פון הונ־דערטער יידן, אן דעם מינדעסטן סימן פון א קבר. נישט קיין מצבה, נישט קיין בערגל ערד, א גרוב ווו מען פלעגט גראבן ליים, טיפער אויסגעגראבן, פאר־פולט מיט פארשניטענעם לעבן פון יידישע קינדער, פרויען, מענער און זקנים. דער צווייטער קבר געפינט זיך אויפן וועג צום שלאכטהויז, א ווינקל אין פארם פון ארומגעצוימט מיט דראטן.

זונטאג, ווייסער שניי באדעקט די ערד, וואס איז רויט געווען פון יידיש בלוט. אומגעריכט, פארטאג, רינגלט מען ארום די שטאט פון אלע זייטן, מען פאר־זאמלט די יידן אויפן מארק. עס גייען מוטערס טילענדיק זייערע קינדער אין די ארעמס; יונגווארג געארעמט מיטאיינאנדער, יידן ארומגעוויקלט מיט טליתים.

מיר שטייען ביי די קברים, מיר זעען זיי אלע, מיר זעגענען זיי...

מיר קומען צו צום לעצטן מאסן קבר, פון דער לעצטער שחיטה וואס איז געשען א׳ אלול 1942. דער קבר געפינט זיך אנפאנג וואלד, אויפן זעלבן ארט פון ערשטן קבר. ווי שווער אויפן הארצן, ווי טרויעריק זענען די געדאנקען.

אונטערוועגס רייסן מיר אן פון די פעלדער די בלויע קארנבלומען, לעגן זיי אוועק אויפן קבר פון די הונדערטער יידן, צווישן זיי ליגן אונדזערע עלטערן פרומע און משה רעסעל ז״ל. מיר פאלן צו צו דער ערד, אט זעען מיר טאטע־מאמע אין גרויסן צער וואס פארלירן אונדזער ברודער ירוחים און שוועסטער מיניע

רעסעל־ראזענטאל ז״ל אין ראקאוו, כ״ח תמוז 1941, אין עלטער פון קוים 28 יאר. אט זעען מיר זיי אין דער לעצטער נאכט, ווען מיר האבן פארלאזט דאס געטא. מיר הערן זייער שטיל געוויין, זייער שטארקן ציטערן פאר אונדזער גורל. מיר הערן זייערע לעצטע ווערטער: „לויפט, קינדערלעך, לויפט, איר מוזט לעבן, נקמה נעמען און דערלעבן א מענטשלעך לעבן״.

אט גייען מיר צו צום אלטן מירער בית־עלמין. פיל קברים, אבער קיין איינציקע מצבה׳ קיין איין בוים נישט געבליבן פון אזויפיל געדיכט פארוואקסענעם ארט. די קריסטן האבן עס ארויסגעריסן די מצבות, כדי צו דעקן די בלאטיקע ערטער ביי זייערע הייזער. מיר געפינען נישט די ערטער פון אונדזערע זיידעס, באבעס, נאנטער משפחה. מיר זעגענען דאס הייליקע ארט, אלע וואס ליגן דא און זענען געשטארבן מיט א נאטירלעכן טויט.

מיר גייען זעגענען דאס שטעטל...

ביי אונדזער הויז אויפן מיטן מארק גייען מיר אריין אויפן הויף, זעצן זיך אנידער אויפן צעמענט־גאניקל. ווי אפגערעדט, געשטויסן פון אן אינערליכער קראפט, טרעטן מיר נישט איבער די שוועל פון אפגעברענטן הויז. צו שווער. דא זענען מיר געבוירן געווארן, דא האבן אונדז די עלטערן דערצויגן, פון דאנען האט מען אונדז געשיקט זיך לערנען אין די שטעט. דא האט מען געפראוועט שמחות, חתונה געמאכט קינדער. דא פלעגן מיר מיט יונגווארג פארברענגען א פרייע צייט, דא פלעגט זיך נישט די טיר שליסן פון פארטאג ביז שפעט אין דערנאכט — א סוחרישע שטוב, א שטוב פון פרנסה פאר מיל מענטשן; ארבעטער, בעל־עגלות פירן סחורה צו דער באן, סוחרים פון ארומיקע שטעטלעך, סוחרים פון ווייטע מקומות; יידן און קריסטן, פויערים און רייכע פוילישע פריצים. אלץ איז אפגעמעקט געווארן...

שטיל ארום און ארום, קיינער נישטא, קיין זכר נישט געבליבן. מיר ווילן זיך געזעגענען אבער מיר הערן נישט קיין „פארט געזונט״. מיר זאגן נישט קיין „זייט געזונט״. לאנגזאם גייען מיר ארום דעם מארק, די גאסן וואס זענען געווען באוווינט מיט יידן. מיר גייען ווי נאך א לוויה, שטעלן זיך אפ אויף יעדן הויז פון אונדזערע קרובים, לאנג שטייען מיר ביי די שולן, אויפן שול־הויף. מיר גייען צו צו דער ישיבה, שטייען שטיל, נישטא קיין סימן פון דער הייליקער ישיבה, וואס האט געשטראלט מיט תורה אויף דער גאנצער יידישער וועלט.

אלע און אלץ איז אוועק מיטן רויך, מיטן בלוטיקן ווינט....

עס ווייטאגט דאס הארץ... ווער קען אויסדריקן מיט ווערטער אונדזערע געדאנקען און געפילן?

רישע פאזניאק—בערנפעלד

## צום יארצייט נאך מיר

מיין שטעטעלע מיר, ווי קליין איז עס געווארן, ווי קען מען עס פארגעסן, א שטיק פון מיין לעבן האב איך דארט פארלוירן, מיינע טייערסטע און שענסטע קינדער־יארן האב איך בא דיר פארבראכט.

די יידישע פאלקס שולע אויף דער ויראנקער גאס, אין מיינע יארן אונטערן אויפזיכט פון מענדל טאבאטשניק, מיט וואס פארא ליבשאפט מיר פלעגן לויפן אין שול. מיר פלעגן אלע שרייבן דערציילונגען, לידער, און זיצנדיק בא ליפקע קאנטאראָוויטש מיט דער לערערין רייזקע, מענדל און פיקוס פלעגן מיר באטראכטן און פאררעכטן וואס געשריבן. דער נאמען פון אונדזער צייטונג איז געווען „גרינע צווייגעלעך״, אונדזערע לידעלעך האט מען אפילו געהערט אין די יאָהאנעסבערגער גאסן. אין יעדן ארט פון דער וועלט וואלגערט זיך א פונק פון אונדזער שטעטעלע מיר.

די קינדער־אונטן, די ווייסע שניי־מלכה מיט פאניע צינקין ז״ל, ווי א מלכה איז זי געגאנגען אנגעטאן. איר בלייך געזיכט האט באצויבערט אלעמען, און מיר די שנייעליך אנגעטאן אין ווייסן האבן געגלאנצט ארום איר. און נאך דעם האבן מיר, 16 מיידעלעך אין ווייסע העמדעלעך, ארויסגעטראטן מיט גימנאסטיק. אזויווי א חלום איז עס אלעס פארלאָפן. צווישן די 16 קינדער האב איך מיינע ליבע חברטעס פארלוירן; רייזעלע קאסטראוויצקי,

שרהלע דאברין, חיה יאסעליעוויטש און די 2 שוועסטער יאסעליעוויטש, יהודית מענאקער, סאניע איסקאלסקי, ליבע אזערעוויטש. שטענדיק זענען מיר געווען צוזאמען, צוזאמען זיך געלערנט, געשפילט, געגאנגען שפאצירן אין ווילנער גאס. מען פלעגט זאגן: אט גייט שוין דער „פארקן", ווייל מיר פארנעמען די גאנצע ברייט פון גאס. אין אונדזערע בילדער קוק איך זיך גוט איין אין אייערע געזיכטער, מיר פלעגן זיך אויספוצן מיט די שיינע שבתדיקע קליידעלעך, מיט די גרויסע שלייפן אויפן קאפ, און לויפן זיך פאטאגראפירן צו גאלדינען אדער צו קראינאוויטשן. די שענסטע קינדער־יארן האבן מיר פארבראכט אין אונדזער שטעטעלע מיר, אזוי זענען יארן אוועק און דער גורל האט אונדז צעשיידט, איך בין אין חלוצישע רייען אריין. מיך האט געצויגן צו א צווייט לעבן, און איך האב אייך אלעמען פארלאזן, אבער, איך האב אייך אלעמאל געדענקט אין גוטע און שלעכטע צייטן. היינט, אין טאג פון יאר־צייט, האב איך אנגעצונדן די ליכט נאך מיין ליבער ניט־פארגעסענער היים, נאך אייך, מיינע ליבע חברות און נאך דיר, מיין ליב און ניט־פארגעסן שטעטל — „מיר".

ה. לייוויק

# א ליד פון א אומבאקאנטן לאגער־דיכטער

. . . אמת, ווען מיר דערהערן דאס קול פון די געטאס און פון די קאצעטען איצט, נאך אזוי פיל יארן פון שטומקייט, פארנעמען מיר פריער פון אלץ דעם יזכור נאך הונדערטער אידישע ווארט־שאפערס און מייסטערס. אבער צוזאמען מיט׳ן יזכור פארנעמען מיר אויך די בשורה, אז דאס אידישע ווארט, סיי דאס רעליגיעזע, סיי דאס וועלטלעכע איז ניט אונטערגעגאנגען אין די געטאס און אין די לאגערן, נאר האט אנגעהאלטען אין די פינסטערסטע מינוטן זיין פרישקייט און זיין טרייסט.

אין די לאגערן זענען אויף פארשיידענע געביטן אויפגעקומען לידער: פון גזר און עבודת פרך׳דיקע לידער, סאטירע־לידער, תפילה־לידער, אויפשטאנד־ און קאמפס־לידער, שולד־לידער.

שולד — פארוואס?

שולד פאר בלייבן לעבן אין דער צייט ווען די נאענטסטע זענען אומגעקומען; שולד פאר ניט מיטמאכן מיט די נאענטסטע און טייערסטע די פייערן פון קרעמאטאריע.

אין אייניגע לידער וויינט דער טשיקאווער שולדיקער און בעט זיך ביי די אומגעקומענע, אז זיי זאלן אים מוחל זיין דעם חטא וואס ער איז געבליבן לעבן.

אין אייניגע מאמענטן פארוואנדלען זיך אזוינע געבעטן אין שטעכיגער איראניע איבער זיך אליין און — ווי ס׳איז צו דערווארטן — אין אן איוב׳שער מרידה געגן דעם בורא־עולם. פון הילפלאזיגקייט גייט איבער אזא ליד אין א גרויליקן סארקזאם, אין א חשבון הנפש. וואס שטייגט אריבער אלע חשבונות, אין אן על־חטא וואס ווערט געזאגט מיט בלוי־פראסטיקע ליפן.

אונזער ליטעראטור ווייס גענוג פון אזוינע מאמענטן ניט אין פאעט א׳נזערער האט זיין ווארט געטונקט אין ביטערניש.

אבער ניט וועגן די באוווסטע גאל און צארן לידער רעדן מיר איצט.

איך וויל איצט באקאנט מאכן א ליד פון א ניט־באוווסטן דיכטער. פון איינעם, וועמענס נאמען איך האב געהערט צום ערשטן מאל.

פון איינעם וואס איך ווייס גארניט אפילו אין דער מינוט ווו ער געפינט זיך, און צי לעבט ער. איך וויל האפן אז יא.

וואס איז די מעשה?

אויף מיין רייזע איבער די לאגערן פון דער שארית־הפליטה אין דייטשלאנד האט מיר עמעצער אין איינעם פון די לאגערן, איך געדענק אפילו ניט אין וועלכן, געגעבן א צעריסן בייגעלע פאפיר, אויף וועלכן ס׳איז געווען אנגעשריבן א ליד.

האב איך דעם צעריבענעם פאפיר אריינגעלייגט אין קעשענע צווישן אנדערע פאפירן.

ערשט אין א צייט ארום, ווען איך האב עס גענומען לייענען, בין איך אויפגעציטערט געווארן. די שורות האבן גענומען בלענדן מיינע אויגן מיט א גרוילענדיק ליכט.

דעם נאמען פונם מחבר האב איך געפונען בייַם סוף אונטער דער לעצטער שורה: „געשריבן פון יודל פעקער".

ווער איז יודל פעקער? מיר איז אזא נאמען פון א יידישן פאעט ניט באקאנט. הייסט עס: איינער פון דער גרויסער צאל פאעטן, וואס זענען אויפגעקומען אין די קאצעטן אויפגעקומען און די מערסטע פון זיי אומגעקומען.

ווו איז יודל פעקער היינט? צי איז דאס געווען ער אליין, וואס האט מיר איבערגעגעבן דאס ליד, צי עמעצער אנדערש?

איך לייען און ס׳גלויבט זיך מיר ניט, אז דאס זאל האבן געשריבן אן אנפאנגער. ס׳איז א ליד פון א גרויסער קראפט. ס׳טראגט דעם חותם פון אן אמתן דיכטער, פון א פערזענלעכקייט.

# על־חטא

## פון יודל פעקער *)

על חטא — מיין נישטיגקייט וואס האט דעם טויט פחד
ניט אויסגעהאלטען.
איך האב מיין לייב אוועקגע׳גנב׳עט פון די גריבער.
איך האב זיך פאר׳ן שארף פון חלף אין א לאך באהאלטען,
ביז דער טויט איז איבער מיר אריבער.

פארלאז איך שפעט מיין נע־ונד געלעגער,
שייער זיך אדורך דורך דראט־פארצאמונגען און פלויטען,
ווי א חיה גע׳רודפ׳טע פון אירע יעגער
גנב׳ע איך זיך דורך די חורבות צו די טויטע.

אויסגעצויגען און פארבראכען אין א דלד׳יגער שורה
ליגט דער ריזיג־גרויסער ברידער־קבר.
א גאנצע קהילה קדושה איז געקומען דא צו קבורה,—
איך בלויז שלעפ זיך אויבען ווי אן אפגעשניטענער אבר.

ליגט די עדה אין פארבלוטיגטען געקלעם,
אין געפלעכט פון אפגעריסענע גלידער.
דער רב אב״ד מיט בעלי־בתים אויף קידוש השם,
טאטעס, מאמעס, זויג־קינדער, שוועסטער ברידער.

קוקט אויף מיר דעם רב׳ס אפגעריסענער שארבען
שטרענג און ברוגז׳דיג: — דו, פורש מן הצבור!
א איד — צי ווייסטו ניט? — א איד דארף קאנען שטארבען.
ביזט אנטלאפען—וועל איך דיך נאכלויפען דורך אלע גריבער.

— רבי, — שטעלט זיך איין פאר מיר א איד
א פארבלוטיגטער, א הויכער —
א אינגעל נאך, א שוואכער; דעם נסיון ניט בייגעשטאנען.
— רבי, — בעט ער זיך, — זייט אים מוחל,
בשוגג האט ער עס מסתמא ניט פארשטאנען.

און ווייטער רעדט דער איד צום ברוגז׳ן אב״ד:
— א רגע נאר האט ער זיך אויסבאהאלטען פאר׳ן מעסער;
זיין לעבען לאנג וועט ער זיך פייניגען אין נע־ונד,
זיין עונש איז פיל גרויזאמער און גרעסער.

א מיר — מיר האבען מיטגענומען אלץ וואס מיר האבען,
איז די איינציגע נחמה אונזערע אין שטראף:
מיט אונז צוזאמען ליגט משיח דא באגראבען —
די האפענונג אויף גערעכטיגקייט — דער חלום פון די שאף.

מיר האבען דורות־לאנג געבלוטיגט און געדולדיג
דעם אויסג׳חלומ׳טען "וגר זאב עם כבש" אפגעווארט,
און ניט די פרעמדע וועלט אין אונזער אומגליק איז איצט שולדיג,
נאר מיר, ווי קינדער גרויסע, האבען זיך אליין גענארט.

וואס טויג דער שעפס, וואס האט געשווארן פייערלעך אויף בעלי־חיים,
פון נעגעל און פון ציין זיך אפגעזאגט גרויסמוטיג! —

*) יודל פעקער — געבוירן אין מיר, געווען אין געטא, אנטלאפן צו די פארטיזאנער אין די נאליבאקער וועלדער.

פארשווינדען וועלען שוין דער סטאדע׳ס עלענטע שיריים,
און ער, דער וואלד, וועט אלץ נאך רוישען גיריג, בלוטיג·

און ווען דער שונא האט די היימען אונזערע געצונדען,
אין פייער־רינג מיט ווייב און קינד צום גרוב פארטריבען, —
האט אונז שוין גארנישט מער צום לעבען צוגעבונדען,
פאר אונזערטוועגען איז שוין גארנישט דא פארבליבען·

ווי־זשע וועלען זיי, די אנטרונענע, די ניט־דערקוילעטע
יחידים,
די ציין־און נעגללאזע וועגעטאריער,
ארומטאנצען אויף די בלוט־באטרונקענע ירידים,
פאיאצען לעסטיגע, הייליגע נביאים, פראלעטאריער?

מטורף־דארניגע, פארוואונדעטע פראפעטען,
געשענדעטע אין שוימיג־שיכור׳ן געלעכטער,
בעטלער־געסט ביי פרעמדע טישען אומגעבעטען —
דער גורל פון א פאלק, פון זיינע לעצטע זין און טעכטער·

א פאלק וואס האט זיין עלטער אין גרוב מיט שאנד
אראפגענידערט,
ווערעמדיג אריבערלעבען אלץ — ערגערס האבען גאר ניט
צוגעטראכט די שונאים·

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

געבויגען אונטער דעם יסורים׳דיגען האגעל און צעגלידעט —
אן איינגעבראכענער געפאלען בין איך אויפ׳ן פנים·

ברוריה רוזנבלום־רטנר

# מזכיר נשמות קעסעלע *)

געווידמעט מיין שוועסטערל נחמה׳לע

אלע טייערסטע און נאנטסטע
האב איך דא נעבן מיר
פארוואנדלט אין צוויי טרוקענע
פעלד בלימלעך
א געלע און א בלויע·
די געלע בלימל:
איז אָן גרינס·
פארנעבעכדיגט און איינגעבויגן
ווי דער טאטע אין געטא
ווען קיינער איז אים מער שוין ניט
פארבליבן
איינגעבויגן און פארשעמט פון ג׳ אליין·

ווי דער געלער פנים פון מיין מאמען·
ווען מען האט איר בן־יחיד אוועקגעהרגט·
ווי די געלע קאלטע הענט פון ברודער
אויסגעצויגן פאראויס צו זיי···
געפאלן אויפן וועג, צום ווייב און קינד·
ווי דער טלית פון מיין טאטן,
פארגעלט פון בלוט,
אין לעצטן שחיטה טאג·

די בלויע בלימל·
מיט גרינס ארום·
אזוי שטאלץ און גלייך·
ווי דער טרוים און האפנונג
פון מיין שוועסטערל:
צו בלויע ליכטיגע הימלען
און ווייס בלויען פאן·
ס׳איז ניט די בלויקייט
פון אירע בלויע לאכעדיקע אייגעלעך

ס׳איז דער טרויער
אין די גרויסע שרעק
לויפנדיג זיך באהאלטן פון דעם צורר·
ס׳איז די בלויקייט פון די פאסן
פון דער פאטשיילע
וואס איז געבליבן הענגען אויפן פארקאן
פארשטעפעט פון אַ דראט
און געשאקלט זיך פון ווינד·

ווי באוויינט,
דעם יינגן שיינעם קערפער·
וואס איז געבליבן ליגן,
ווען די קויל האט נאכגעיאגט
און די בלויע אייגעלאך פארמאכט·

*) אין 1957 יאר האט ה. הופמן באזוכט דאס געבורטס-שטעטל „מיר". אויפן גרויסן ברודער-קבר אבגעריסן צוויי פעלד בלימלאך, איינגעפאקט אין א קעסטעלע און געבראכט אונז אין ישראל — דורך דעם — א גרוס פון דער היים.

פייגל שמושקאוויטש

# צום אנדענק פון אונזערע אומגעקומענע

## פעסיע רעזניק

איך דערמאן זיך טעג פון דער היים: די שטעטעלע מיר. א הויז פול מיט פשטות און חן, איינטגעטונקט אין יידישקייט. דער פאטער וואלף שקליאר — איינער פון די, וועלכע ווייסט און קען מיט חכמה אויסגלייכן קריגערייען צווישן מענטשן, אויסמיידן קאנפליקטן און אומאנגענעמלעכקייטן. אייגענשאפטן — וועלכע זענען אריבער בירושה צו זיין טאכטער פעסיע.



פעסיע רעזניק (שקלאר)
א פארטיזאנער, געקומען קיין ישראל, געשטארבן 61.2.51

ווען א אומגליק האט געטראפן ביי איר ברודער מרדכי, איז פעסיע געווען די וועלכע האט צוגעלייגט א פלייצע, גענומען די יתומה צו זיך, געווען איר א מאמע.

אין שטוב א קראנקע מוטער, און אויף די יונגע אקסלען פון פעסיען איז ארויפגעלייגט געווארן דער יאך צו זיין דאס אויפפאסנדיקע אויג אין שטוב, און זי האט אירע פליכטן אויסגעפילט מיט אחריות, פאר־שטאנד, איבערגעגעבנקייט, ניט ווארטנדיק אויף קיין שכר פון קיינעם.

פון יוגנט אן א מיטגלידערין אין השומר הצעיר, מיטן שטענדיקן ווונטש און ווילן קומען קיין ארץ ישראל און בויען א ניי לעבן. אין דער ארגאניזאציע האט מען געשעצט איר ווילן צו דערגרייכן איר ציל, ווי אויך איר אחריות־געפיל, בוכשטעבליך: אחיעזר ואחיסמך.

אין די שווערסטע צייטן, ווען ארום האט דער טויט געפייפט, איז פעסיע געווען די, וועלכע איז געווען ווייט פון פארצווייפלונג און האט שטענדיק געוווסט גוטמוטיק מונטערן און וועקן און דערלאנגען הילף.

אזוי יונג פון דער וועלט אוועק אין עלטער פון 28 יאר, איבערלאזנדיק א מאן און צוויי קינדערלעך: אברהמעלען און מרדכעלען.

אירע טיפע מענטשלעכע אייגענשאפטן זענען געווען א אינטעגראלער טייל פון איר קורצן לעבן. קיין שום פאַזע איז דא ניט געווען. איר איידעלער כאראקטער איז געווען א ביישפיל פאר אלע. ווייל נאר אין שווערע צייטן דערקענסטו א חבר. דערמאן איך זיך טאקע: ווען הונגעריקע טעג האבן געפייניקט אין די אכזריותדיקע מלחמה־צייטן, פלעגט פעסיע ניט איינמאל איינשפאנען זיך און מאכן א ווייטן וועג, כדי צו ברענ־גען אביסל שפייז ניט נאר פאר זיך, נאר פאר די אלע, וועלכע האבן זיך גענויט אין דעם.

א סך גבורה האט געשפרודלט אין פעסיען. קראנק זייענדיק האט זי געטראגן איר ווייט און צער מיט פאר־ביסענע ליפן, אפט שמייכלענדיק, כדי אויסמיידן ווייטיק ביי אלע ארום.

ווי קלוג געפירט איר שטוב. וויפל אחריות פאר קינדער און משפחה.

וואנדערנדיק איבער וועגן איז דער בכור אברהמלע געבוירן געווארן. אין זייער שווערע באדינגונגען, דורך פיין און וויי, האט זי געוווסט איבערגיסן אזויפיל ליבשאפט צו איר קינד, גלויבנדיק אז דער צווייטער דור, איר זון, וועט שוין וויסן פון בעסערע צייטן.

אין לאנד. ערשטע טריט פון א נייעם לעבן. וויפל אויסדויער, ווינענדיק אין צריף, רייז, ציכטיק, היימיש, מיטן שטענדיקן שמייכל אויף די ליפן, ווי איינער רעדט; זע וויפל רייכטום איך פארמאג. קליין מיין היים, אבער ווארעם; ענגע ד׳ אמות — אבער רחבות פון א גוט הארץ, פון ליכטיקע אויגן. ווען דו ביסט אין איר ענגען צריף אריין, האסטו זיך גלייך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. שטענדיק געווארן איינגעלאדן א צווייטן מאל צו באזוכן. שטאלץ איז זי געווען אויף אירע צוויי זונעלעך: אברהמלע און מרדכעלע.

געהאט מעגלעכקייטן נאכן חורבן אנקומען קיין אמעריקע, צו איר פארבליבענעם איינציקן ברודער, האט זי מער פון א צווייטן גלות ניט געוואלט וויסן און איין ציל נאר געהאט: ארץ ישראל. ווייל ווי קען דען אנדערש זיין נאך אזויפיל צרות אונטער פרעמדע הימלען?

קיינמאל ניט געוואלט געניסן פון צווייטנס הילף, און ווען זי האט א צווייטן הילף דערלאנגט, איז עס געווען לויטן טראדיציאנעלען יידישן נוסח: מתן בסתר... ארויסגייענדיק פון וואלד, טרעפנדיק זיך מיט איר לעבנס-חבר בערעטשקע איז געווען דאס ערשטע ווארט: מ׳וועט ווייטער פארזעצן די משפחה. און אין לאנד, אין מלחמה טעג, שטענדיק איבערגעחזרט: מ׳האט שווערערע צייטן דורכגעמאכט, מ׳וועט עס איבערקומען.

איך טראג פאר איר ליכטיקן אנדענק א הארץ פול מיט ליבשאפט און חסד. אין מלחמה צייטן, אין געטא טעג, אין וואלד — ווו נאר איך בין געווען מיט איר צוזאמען, איז שטענדיק געשטאנען פאר מיר דער פולער מענטש מיט געוויסן און לעבנס חכמה.

זאל איר זכרון שטענדיק זיין צווישן אונדז. זאלן אירע קינדער זיך דערציען אין אנדענק פון אירע טייערע מידות און אייגנשאפטן.

יהודה שקליאר

## צום אנדענק פון די ריינע נשמות

1923. מיין ברודער מרדכי איז געווען 11 יאר אלט, איך — 9 יאר. מיין שוועסטער בריינע 4 און די מוזינקע פעשינקע 2 יאר. קיין אנגענעמע זכרונות פון דער קינדהייט.

מיין מאמע קראנק פון יארן, דערנערט זיך פון רפואות, דער פונדאמענט פון הויז ברעכט זיך, דאך פאסן מיר זיך צו, צו די באדינגונגען. איך מיט מרדכי׳ן גייען אין תלמוד-תורה. דער טאטע, אויסער טראגן דעם יאך פון פרנסה, געפינט נאך צייט פאר זיינע קהלישע ענינים. פון מיין קינדהייט אן געדענק איך אינסטיטוציעס, אין וועלכע ער איז געווען טעטיק: לינת-הצדק, ביקור-חולים, גמילות-חסדים, גבאי פון שול, טעטיק אין דער קהלה.

דער דאך רינט, די בהמה קעלבט זיך ניט. ס׳איז דא א קראנקער אין הויז, און נויטיקט זיך אין הילף, א עלטערע מיידל צום חתונה מאכן, און ס׳איז ניטא קיין נדן, דער טאטע זיצט ביז 2 נאך האלב נאכט און שרייבט צו קרובים אין אמעריקע, און מערסטנטייל מיט גוטע רעזולטאטן.

1923—1940:

יארן זענען געלאפן. דער לעבן אין ליטווישער שטעטל איז מאנאטאן. די קינדער וואקסן אויף, מיין מאמע ווערט געזונט, כדי אומצוקומען שפעטער אזוי אכזריות׳דיק. איך פאר אוועק אין 1933 אין ארץ-ישראל. אין 1935 האב איך א וויזע פאר מיין גאנצע פאמיליע, אבער צוליב די געשעענישן מיט די אראבער און אנדערע מאטיוון, האלט איך אפ זייער פארלאזן מיר.

מיין געוויסן מאטערט מיך ביז היינט צוטאג, אבער גיי ווייס, וואס דער אכזריות׳דיקער גורל האט צוגע-גרייט.

די געדאנקען ברענגען בילדער פון מיין פאמיליע, יעדער פון זיי בעט מיך: שטעל עס אוועק אויפן פאפיר. ווער האט געקענט אפשאצן דעם טאטנס פארגעניגן,

ווען ער פלעגט גיין מיט זיינע קינדער אין שול אריין. ער פלעגט אויסטיילן די עליות ביים דגל אויף דער בימה. פסח ביים סדר, אנגעטאן אין ווייסן קיטל, פילנדיק זיך ווי א בן־מלך. און ווער האט עס ביי אונז אין שטעטל ניט געזען דעם טאטן פריילאך מאכן אויף א חתונה, אדער אויפן יערלעכן לעקאך און בראנפן פון לינת־הצדק אום שבת־נחמו ?

אלעס האט עקזיסטירט ביז צום גורלדיקן 1941. אונזער הויז איז אפגעברענט געווארן, אלץ איז פאר־ברענט געווארן, אויסער די בהמה.

איין טאג איז געקומען א דייטש צוצונעמען די בהמה, מיין שוועסטער בריינע דערזעענדיק דורכן פענסטער ווי דער דייטש שלאגט דעם טאטן מערדער־לעך פאר ניט גיין אזוי שנעל, האט געקראגן א בלוט־שטורץ, און געשטארבן אין צוויי טעג ארום. מיין טאטע האט ניט ארויסגעלאזן קיין טרער, געקוקט דער ווירק־לעכקייט גלייך אין די אויגן אריין. מיין מאמע איז טאג און נאכט געווען אויף איר קבר. מיין טאטע פלעגט זאגן דער מאמען : „ס'איז ניטא וואס צו וויינען, מיר וועלן אזוי ניט שטארבן“.

אין א קורצע צייט ארום, די ערשטע שחיטה. די מאמע ווערט דערשאסן אויף מיין שוועסטער בריינעס קבר. דער טאטע ווערט פארוואונדעט, האלט זיך א גאנצן טאג ביים לעבן. הונדערטער קרבנות פאלן ארום אים און איבערן גאנצן שטעטל, ער האט זיך מורא צו רירן. פארנאכט ווען די גויים האבן צונויפגענומען די קר־בנות און באמערקט אז דער טאטע לעבט, האט א דייטש פארענדיקט זיין לעבן.

אין דער זעלבער צייט איז מיין ברודער מרדכי פארברענט געווארן אין ראקאוו מיט די איבעריקע יידן לעבעדיקערהייט אין שול. די איינציקע וואס האט זיך געראטעוועט איז געווען מיין יינגסטע שוועסטער פעשינקע.

אין פראנט פון א גאנעק ביי א גוי אויפן הויף, איז געשטאנען א דייטש מיט א אויסגעשטרעקטן ביקס, געקוקט און גענישטערט מיט זיינע מערדערלעכע אויגן, זוכנדיק צי באהאלטן זיך יידן אין שייער. אונטער די טרעפ איז געלעגן פעשינקע. ציטערנדיק, אט־אט וועט ער דערהערן איר הארץ קלאפן. דער דייטש איז אוועק.

מיין שוועסטער איז אוועק מיט איר פריינט בערל רעזניק אין די וועלדער, אויסמיידנדיק די צווייטע שחיטה.

פעשינקע איז נאך לאנגע וואנדערונגען געקומען אין ישראל, און אנגעהויבן בויען א פאמיליע לעבן, אבער דער ביטערער שיקזאל האט נאך ניט פארענדיקט זיין ארבעט. אין 1950 קומט זי אין ניו־יארק, און ווערט אפערירט אויף א אומהיילבארער קרענק. זי האט אויס־געהויכט איר נשמה אין הדסה־שפיטאל אין תל אביב אין 4 מאנאטן ארום.

# רבקה ליס

רבקה נולדה בתרנ"ה בעיירה ליחוביץ להוריה פועה ואהרן מרגולין. בקטנותה עברו הוריה לגור במיר עיירת הישיבה הנודעת.

אביה, בן למשפחה שהרבה מבניה ישבו על כסא הרבנות, בעיירות שונות בליטא ורוסיא הלבנה, ובעצמו תלמיד חכם מובהק — נתן לבתו חינוך כמו לבנים ולימדה כל לימודי היהדות. וגם תלמוד.

בתפיסתה הטובה וזכרונה המפליא הגיעה מתוך לימוד עצמי, בגיל ט"ז—י"ז, למעמד שבו יכלה להורות עברית. ובאמת, בזמן מלחמת העולם הראשונה, כשנגדדה לסרטוב, עסקה שם בהוראה עברית ואידיש. אולם עם פרוץ המהפכה ושובה למיר לימדה עברית בבית ספר אידי, מיסודם של פועלי־ציון.

בתקופה ההיא ניסתה כוחה גם במישחק על הבמה, והשתתפה בלהקת חובבים והצליחה מאוד בתפקידים מסוימים.



רבקה ליס

נולדה י' תמוז תרנ"ה, נפטרה א' תמוז תשי"ז.

בראשית שנת תרע"ט עברה לעיירה קלצק ושם לימדה, במשך שנתיים, בבית־ספר עברי, מיסודה של „תרבות". ועשתה הכנות, יחד עם חבורה שלמה מבני העיירה, לעלות ארצה. אולם מלחמת פולניה—ברית־המועצות שיבשה את התכנית. החבורה ברובה התפזרה. אולם אחדים מהם, ובתוכם רבקה, הצליחו להגיע, תוך הליכה של מאות קילו־מטרים, בדרכים מקולקלות והרוסות, לוילנה ועם כיבוש וילנה על ידי הפולנים, ברחה ברגל לקובנה אחרי שהייה של כמה חודשים בבירת ליטא, עלתה, בכסלו תרפ"א, לארץ והשתקעה, יחד עם חברים, שכינו את עצמם בשם „קבוצת קובנה", ברחובות. קבוצה זו הכשירה את עצמה כשנתיים להתיישבות ובשנת תרפ"ב הצטרפה לדגניה א'. ומאז עבדה רבקה כל הזמן, בהפסקות קצרות שבין לידה ללידה ברפת.

בל"ג בעומר תרפ"ב נישאה רבקה לברוך ליס ומשנת תרפ"ג עד תרצ"ה ילדה חמישה ילדים: שלשה בנים ושתי בנות.

נפטרה א' תמוז תשי"ז.

## על קברה

רבקה יקרה!

בפגישותינו האחרונות היית מהרהרת בקול ו־מקוננת על אשר קרה לך ולמשפחתך. „יותר מדי, יותר מדי נפל בחלקנו", אמרת, „יותר מדי קשה נענשתי". ואנו כולנו העומדים על קברך, ואשר חיינו אתך בדגניה שנים רבות, גם אנו נענשנו יותר מדי קשה. רק שלושים יום עברו ממותו של גלעד, ואחריו את, רבקה.

על ידך — קברו של אליקים גיסך. זוכר אני את דבריו, רגעים מספר לפני מותו, הוא נפרד מהרי כנען, באהבה וצער עמוק, נפרד מדגניה. „אמור לחברים", אמר, „שאני אוהב אותם, אוהב את דגניה, ואיני יכול"...

ואת, רבקה, בפגישות בבית־החולים, לא נפרדת, כי האמנת בחיים. בטוחני שאף ספק לא עלה בלבך שמא את נפרדת מאתנו לעולם. אולם דבריך: „אמור שלום לכולם בבית, אמור להם שאינם יודעים כמה מאושרים אנו בקבוצה. איפה ימצאו טיפול כזה, אהבה

כזאת, מסירות כזאת? סוף סוף פשוטי־עם אנו, אני וברוך, ואיזו דאגה, איזו מסירות! אמור לכולם, שעוד אשוב הביתה ואספר להם מה היא דגניה לכולנו" — צוואה הם.

כן, צוואה. צוואה היא זאת שכולנו נאהב את דגניה כמו רבקה.

ההומור המיוחד שלה לא פסק אף בימים הקשים ביותר. ביום החמישי בצהריים, כאשר חל שינוי גדול לרע במצבה, עוד הושיטה לי את היד ואמרה: — „נתראה בקרוב בדגניה".

לא יכלה לעמוד בפני המחלה הממארת! רבקה, העובדת המסורה, האם המסורה, חברה היקרה — איננה עוד!

ובלשון קינתה לגלעד, בשיר שכתבה בהיותה חולה כבר, אומר גם אני:

„שלום לעפרך, רבקה,
רבים עוד יזכרוך,
את שמך וניב שפתיך הברוכה,
נשא תמיד בצער עמוק ובהערצה רבה".

מסירותך לעבודה ולחברים תשמש לנו לדוגמא.

(יוסף ברין)



תמונה חביבה, תמונה בלתי נשכחת חיה בזכרוני: רבקה ושאול. לעתים תכופות ראיתי את שניהם והם שקועים בשיחה רצינית. רבקה דיברה בהתלהבות כשעיניה נשואות לשאול, הגבוה ממנה, והוא רכון קצת, מקשיב לה בתשומת־לב מרובה. רפתנים היו שניהם ובעניני עבודתם המשותפת דנו ללא ספק. ואני אהבתי להתבונן בתמונה: אמהות רכה והקשבה נאה.

בימים ההם, עם בואי ארצה, עוד טרם ידעתי על רבקה דבר. הכול היה עדיין זר ורחוק. אבל אשה זו שידעה להביט כה אל בננו בחביבות ובאמון, כבשה את לבי לתמיד. ובבקרי אותה בבית־החולים „תל־השומר", הרגשתי מה קרובה ללבי אשה טובה וחביבה זו. רציתי וחזרתי ורציתי, ללטף את הידים הברוכות של החולה. הסכנה המאיימת שאשה זו, האהובה על הכול, תלך מאתנו — הכבידה עלי מאוד.

רבקה ושאול חיים בשכנות קרובה בזכרוני.

**(יצחק נטר)**

## על רבקה שאיננה

כשנודע לה שאנו עומדים להוציא עלון מוקדש לזכר גלעד — כתבה. ירדה ממיטתה החולה והביאה אלי את דבריה. משראיתיה חשבתי שבאה למסור חשבון חודשי של החלב, כאשר נהגה לעשות במשך שנים. אולם קולה החלש הדהימני. ומששאלתיה על כך, אמרה לי: „הנני חולה זה ימים אחדים". שורות אלה לגלעד, הן האחרונות שכתבה בחייה.

קרוב לארבע עשרות שנים הלכנו יחדו. פשטות וצנע היו הקווים הבולטים בכל ארחות חייה ומאלה לא סרה כמלוא הנימה.

בבקורי האחרון בחדרה, והיא שוכבת על ערש דווי, שמתי לב לנקיון ולסדר אשר שררו בכול. וברצותי לבדר קצת את רוחה, אמרתי: „ודאי הזזת גם היום את הרהיטים ממקומם כשסדרת את החדר!" היא הצטחקה והוסיפה: „גם ברוך כבר למד את המלאכה"...

כשהרימותי את עיני נשקפו מולי מעל הקיר שתי תמונות הבנים — האחים: דוד ומיכאל, זכרונם לברכה!

רגע חשבתי בלבי: יש לקנא באם בישראל אשר זכתה לשני כתרים, כתרי זהב טהור. לגדל בנים ושיעלו על מזבח תחית העם והארץ, זוהי זכות גדולה. אולם רגע שני אמרתי: מה אומללה האם ומה גדול שיברה בראותה שני מחמדים כאלה והם מסתכלים בה תמיד ובפיהם אין אומר ואין דברים...

רבקה אהבה ילדים ולא רק ילדיה ונכדיה היא ושאפה להקים משפחה ענפה. אולם הגורל התאכזר עליה.

אחרי כמה ימי אבל מיכאל, פגשתיה בדרך לרפתים. שאלתיה: „לאן, רבקה?" „הולכת אני להודיע לפרות על האסון שקרה לרפתית", ענתה. „הן כבר יודעות" אמרתי אני, ושתינו בכינו.

איש רעים היתה ושיחה ובכל מאורע חגיגי רבקה היתה „המסמר". דבריה קלחו וקלעו אל העיקר אל המטרה. הם היו מלווים הומור דק ולפעמים תביעה חמורה לתיקונים, לשינוי המצב.

היא התריעה, למשל, ובחריפות, נגד העבודה השכירה, לא יכלה בשום אופן להשלים עם המציאות המרה בשטח זה. וחבל שרבקה איננה ואינה יכולה להתענג על „עבודה עצמית" לפחות בד' האמות של הרפת.

**(חיותה)**



רוב ימיה בדגניה עבדה ברפת, היא אהבה את עבודתה ושמחה עליה. היו לה יחסים טובים עם החי שבו טפלה, קלטה מאופיים של רבים ומהמיוחד שבהם. היא ידעה להבליט לא אחת, מעגלותיה, מבכירותיה או פרותיה קוים בהמיים ספציפיים.

באספות הקבוצה השתתפה אך מעט. שעות האספות אינן עומדות בתואם אל שעות העבודה ברפת. אולם היא לקחה חלק פעיל בכל המתרחש ומתהווה והביעה את דעתה, החיובית או השלילית, בדרך מיוחדת לה. היא חיברה פזמונות, כתבה אגדות או רשמה סטירות ספוגות הומור וטוב־לב, ואותם קראה בכל מסיבה וחג, נשף וחגיגה. באלה היא תפשה תמיד חלק נכבד וחשוב. לקריאותיה חיכו, ורבים, אשר נמצאו בחוץ, בשמעם שרבקה עומדת לקרוא — התכנסו מיד. על הכול היא ידעה, הכול בא לאזניה והרבה ניסתה להכניס לעריסת חרוזיה לעורר חיוך קל, דוק של הרהור, מחשבה שהיא וגם צחוק מתפרץ. כתיבה זו, שאף אם ניתנה לה בקלות יתרה, לא היתה אצלה מין תחביב, או נטיה סתם לבדח, אלא צורך נפשי. בכל שעה ובכל מצב חיפשה את הנייר. בשמחה ובצער, בהתרשמות זו או אחרת, בעוול הנראה לה; בפגיעה, או בזילזול, בערך ציבורי או פרטי — מיד פנתה אל דרכי ההבעה משלה ועטפה אותם בשנינה ובלגלוג, במשל ובמוסר־השכל ושמרה לעת מצוא.

בכתבים שלה, המשתרעים על מאות רבות של עמודים, היא מתריעה, קוראת תגר, מבליטה עובדות ומעשים, מבקרת ובאה בריב. לשונה, יש בה תערובת של כל מיני סגנונות. פסוקים, שברי פסוקים ופתגמים. אוצר בלום של ידיעות שמורות בשורותיה. בהרחבה היא מתארת ומציגה את „גבוריה". אין היא קמצנית, חלילה. עוד משפט ועוד חרוז. אבל הנקודה שאליה היא מתכוונת, ה„מוסר השכל" שאליה חותרת, ושאותו ברצונה להבליט — אינם נמהלים בשפע, אינם מתבטלים ברוב... יש הדגשה, ויש הצלפה, יש חיוך ויש בדיחות הדעת. וכל זה מצטרף להערכה וקביעת יחס, להבעת דעה וביקורת ותביעה לתיקונים.

אל כתביה, על מאות פזמוניתיה ואגדותיה בחרוז ובלעדיו, יש לגשת ברצון ללמוד מהם. יש בהם היסטוריה, קורות הכלל והפרט בתוככי דגניה. וגם מחוצה לה. יש לאוספם אל הגינזך ולשמור עליהם. רבות משתקף בהם בראי עקום, כביכול, ולפעמים קצת באלכסון, אבל תמיד בעין בהירה, מתוך מבט חד ולפעמים גם נוקב.

כולנו יודעים את אשר קרה לרבקה האם אשר שכלה שנים מפרי בטנה. אם קשה לה להשלים, אם לא יודעת נחמה. אין שכחה מלפניה. הפצע אינו מגליד אף אינו מעלה ריפאות. הוא פתוח ולא פתוח וכל רגע הוא עומד לזוב דם מחדש.

לאמותינו בארצנו היקרה יש אשליות מרובות, נפלאות. יש להן במה לכסות על כאבן ולהתנחם במקצת. בניהן נפלו על מזבח תקומת העם והמולדת העתיקה. דורות התפללו לבוא העת הזאת; דורות התאוו לעלות עולה על מזבחות אלה. רבקה אחת מאותן האמהות שלפניהן אותה תמונה זוהרת מפתה וקוסמת, של חלום, אמונה ותקוה. יש בתמונה זו להקהות את הקוסס, להמית את התוסס ולהשתיק את קול הדם הצועק ומבקש שלומים. ורבקה בכתביה מדברת על ה„כינור שנשבר" וה„מיתרים שנותקו"; על „האלון שנגדע" ו„הפרח שקמל". ו„בתפילת אם שכולה" (שיש ממנה כמה נוסחאות) היא אמנם מבטיחה שאינה קובלת ואינה מורדת — — הן את בני הקרבתי על „מזבח המולדת".

רבקה כאם, כבת הדור, שגדולות ונצורות באו, עברו עליו — מתגלה פה בכל מלוא יפי מלחמתה הנפשית. הלב נמשך אחרי דבריה. אתה הופך שותף נאמן לכאבה ולחבוטים העזים החותרים להתגברות. דמעה ניגרת, בלא יודעים, מהעין למקרא הדברים.

**(יהושע מנוח)**

רבקה ליס

## מפרי עטה

לזכר דוד גלעד

נדמו צלילים
רוויי אשר וכאב,
אך המילים בגוילים
חודרות כליות ולב׳

היה הכנור
עם שחר מפציע
מתנגן מאליו וברנן מביע
ליקום שיר מזמור׳

המיתר אשר אתמול רעד—נתק,
נדם הלב, אשר אתמול דפק׳

אך בלבנו תוסיף תפך עוד השירה,
אותה הוא שר, גם כי נסתם מעין
היצירה׳

כחבר וידיד התהלכת בתוכנו
מאצילותך תמיד האצלת על חיינו׳

שלום לעפרך, דוד!
את שמך נשא תמיד
רבים עוד יזכרוך,
את ניב שפתך הברוכה׳



דוד ליס (דודיק)

נולד ט״ז אייר תרפ״ג, נפל בדגניה ט״ו אייר תש״ח

## בני, בני, מיכאל!

עדיין חד הכאב ונוקב עד תהומות הנפש; טרם חדרה להכרה במלוא משמעותה העובדא המזעזעת, שמיכאל איננו ומשום כך קשה עוד להציב ציונים לזכרו. עדיין דמותו בכל זקיפותה וסיברה מלווה אותי ואינה סרה מנגד עיני אף לרגע.

מיכה׳לי! רק חודש אחד עבר מאז נפרדנו, ואתה כה צעיר, תוסס ושוקק חיים וכבר תהום החידלון מפרידה בינינו...

בני! איני יכולה לקשור לראשך כתר של גבורה, כי לא הספקת בחייך הקצרים לדלות אותה מנבכי ישותך; אבל ישרך, מסירותך, כנותך ואהבתך לעבודה ולאדמה, בה נדבקת, ישמשו נר־תמיד לנשמתך הטהורה ומופת לבני־הנוער, שחיו ופעלו במחיצתך.

כדרך הצעירים, חשבת שרק האמת שלך היא הצרופה, ובלהט נעורים נלחמת עליה. עתים צדקת, עתים טעית. לא ויתרת על דעתך. אבל ידעת גם להשלים עם זו של אחרים ללא טינא ותרעומת.

לא נטול־קוצים היית. כטבע הצבר. אבל מתחת לקליפה היית עסיסי ומתוק. לא רגשני, לא רכרוכי, כי אם אדם היודע לעמוד על דעתו ועל השקפת עולמו. ישר היית עם עצמך ועם מצפונך.


מיכאל ליס
נולד י״ב אלול תרצ״ב, נפל במבצע סיני כ״ז מרחשון תשי״ז.

עשרים וארבעה אביבים התהלכת בתוכנו והקרנת מזיו פניך החייכניים. יש ועגני רוגז הקדירו את פניך ומזגך הסוער רעם, אבל בן־רגע וחיוכך הקורן, כשמש טובה, היה מפזר את ענני הסערה.

את החיים שלנו הכרת וביקרת בהם, ללא משוא־פנים, את השלילי. אבל כמה קשור היית לחיים אלו וכמה אהבת את בית מולדך, את דגניה. ואיזה גורל אכזרי עקר אותך משרשך, ואפילו לתל עפר, להרוותו בדמעותינו הצורבות, לא זכינו...

בשקט גדלת, צמחת ופרחת, ובהתמסרות ויסודיות התמזגת עם האדמה. רגליך דרכו מדי בוקר איתנות ובבטחה והתרוננות בשבילי השדות. ועכשיו האדמה הטובה הזאת קלטה את גופך הצעיר והרענן למנוחת עולמים. וי לי, וי על האי שופרא דבלי בעפרא! תהא מנוחתך עדן, בני, ונשמתך צרורה בצרור נשמות קדושי העם, שנפלו על קידוש המילדת!

# משה שמוקלר


משה שמוקלר ז״ל נוימין
נפל במלחמת השחרור בבית־גוברין.
בנימין גורביץ יבל״ח

קשה להאמין, שמישקה איננו עוד בחיים, אחרי שעבר בכל יסורי הגיהנום של המלחמה העולמית. הכרתיו מימי ילדותו, יחד בילינו בנעורינו בעיירה מיר: הוא היה בן להורים פועלים עניים בפרוץ המלחמה ב־1939 היה בן 15. בשנת 1941 התקרבו גייסות הנאצים למיר. נער היה מישקה אז, וכבר ידע מה צפוי ליהודים ולנוער היהודי תחת שלטון הגרמנים. למרות התנגדות הוריו החליט לעזוב את הבית, ונסחב עם זרם הפליטים הכביר של יהודים ושאינם יהודים, שזרמו מזרחה אל שטחי רוסיה־הסוביטית. כשאר הנערים באלפיהם שוטט מישקה ברחבי־רוסיה ללא קורת גג, ללא אמצעי מחיה, תמיד רעב, עד אשר הביאו הגורל לקצוות רוסיה לעיר וולאדיווסטוק במזרח הרחוק. אלפי קילומטרים מעיר מולדתו, לסביבה זרה, בין רוסים ובני קוריאה. מישקה בן ה־15 נכנס לעבוד בבית־חרושת. הוא חלם וציפה כל הזמן לשוב ולהיות בין יהודים, ואחרי גמר המלחמה, בשנת 1945 חוזר לעיר מולדתו, למיר. שם הוא מצא חורבות ואף נפש אחת מבני משפחתו

לא היתה עוד. מישקה היה בן 18, ובעיר מולדתו, על תלי־האפר, בודד וערירי, לא יכול היה להשאר יחד עם אחדים מבני מיר שנשארו בחיים. הוא עקר לפולין, לעיר לודז, כדי להמשיך בדרכו לארץ־ישראל. בפולין נכנס לתנועת־הנוער של „השומר הצעיר", במרץ הנעורים התמסר כולו לפעולה בתנועה, ארגן קיבוצי־הכשרה, השתתף בסמינריונים של ה־תנועה, עד שעבר לגרמניה ונעשה פעיל מטעם התנועה בשטח ההגנה בהדרכתם של שליחי הארץ. מישקה הקדיש את כל כחו ומרצו להכין את הנוער במחנות לתפקידים של הגנה בארץ וקבל תפקיד של מדריך. לא פעם אחת ראיתיו באחת הפנות במחנה, עוסק באימוני קבוצות ובתרגילי סדר. בפרוץ מלחמת ה־שחרור בישראל דרש מישקה להעלותו ארצה. בגלל תפקידו בשטח ההגנה והגיוס של הנוער בגרמניה עכבו את עליתו עד יוני 1948, ואז הגיע ארצה בראש קבוצת גח"ל, וישר מסיפון האניה יצא והתגייס לפלמ"ח.

בשורות הפלמ"ח השתתף בקרבות המכריעים בשחרור הנגב ובאר־שבע. במבצע „עשר מכות" היה בין הצועדים על אדמת מצרים, זכה לעבור את כל שלבי המלחמה הקשים ולראות בשחרורו של הנגב ובגירוש הפולש המצרי מעל אדמת הארץ, והנה גם עליו לא פסח המות האכזרי. בימי־ההפוגה, כשנדמו התותחים והמקלעים, לא בשדה הקרב אלא מכדור מרצחים מן המארב, מצא את מותו, יחד עם ארבעה מחבריו שעברו ע"י בית גוברין נפל מישקא, והוא בן 22 שנים במותו.

יהי זכרו ברוך. **בנימין גורביץ**



מנחם בן בתיה ושמואל שני (שמושקין) ז"ל
נולד 1930, נפל במלחמת הקוממיות, 1948.
בפריצת הדרך טבריה—הר־תבור.

# צבי שוסטר

צבי שוסטר נולד במיר, עיירה בפולין לא רחוק מהגבול הסובייטי. כאשר פרצה המלחמה, צבי, בן 44, מצטרף לפרטיזנים, משתתף בקרבות קשים נגד הברברים הגרמניים. מצליח להשאר בחיים. אחרי שחרור פולין ע"י הרוסים, צבי, כמו רבים מהמשו־חררים, עובר לרוסיה, שם הוא נפגש עם אחותו, היחידה שנשארה מכל המשפחה.

מרוסיה הוא חוזר יחד עם הרבה יהודים לפולין. מקום הרכוז העקרי הוא לודז'. פה הוא מצטרף לקבוץ „השומר הצעיר במאבק". פה אנחנו נפגשנו אתו לראשונה. אחרי זמן מה אנו עוזבים את לודז' ועוברים לגרמניה. צבי נקרא לתפקיד תנועתי אחראי ומסוכן, לעבודה ב„בריחה". הוא מרוצה מעבודה זו, מתמסר לה ומבצע פעולות חשובות מאוד.

אחרי שהוא מסיים את העבודה הזו הוא מגיע ארצה. שוב הננו יחד. צבי ועוד חברים מתנדבים להכנס לשורות המגינים. משתתף בקרבות בקרב על ג'נין הוא נופל ביום 10 ביולי מכדור האויב.

קשה לבטא במלים את צערנו הגדול...

צעיר לימים בא לתנועה עודנו ילד וכבר ראו את פניו בקן. יחד עם חבריו הנערים נהנה מחיי הנעורים. אכן בשבילו זה חלק חשוב בחייו. בבית חוץ מהלמודים הוא מוכרח גם לעזור להוריו בעבודה לשם פרנסת המשפחה.

ואכן לא פעם הוא בא לקן עיף, אך בחיוך על שפתיו. הוא בא לקן לצאת קצת מאוירת הבית ולחיות חיי שומר.



צבי שוסטר
נולד 1925, נפל 10.7.48 בחזית ג'נין

בפרוץ המלחמה הוא עובר לפרטיזנקה. באה תקופה של חיים קשים. לא פעם בלי לחם, בלי מים ובלי מקום שינה ומנוחה, כשמסביב הגרמנים. רק חזקים ביותר החזיקו מעמד וצבי ביניהם. הוא הצטיין בעקשנות. לא ידע פחד מה זה.

המלחמה נגמרה והוא מחליט להגשים את זה למה חנכו אותו פעם. דרך גבולות, בדרכים לא דרכים הוא מגיע ארצה.

אני זוכר איך הוא עמד לפני יום אחד אחרי בואו ושאל אותי, האם ידע להשתרש בארץ. הרי הוא רואה כאן חיים חדשים לגמרי, שהוא כבר אינו רגיל בהם. ואכן נקלט בארץ.

ושוב מלחמה והוא מתגייס להגן על המולדת.
נלחם ונפל כחייל עברי.
זכרו יחיה אתנו לנצח!

(אידה)



אזוי ווי נעכטן וואלט דאס געווען, ווען דו האסט זיך ארויסגעריסן פון דעם פאשיסטישן קלעם.

אזוי ווי נעכטן וואלט דאס געווען, ווען דו ביסט אוועק אין די טיפע טיפע וועלדער, בכדי פון דארט ווארפן שארפע שפיזן אויף דער שטארקער חיה, וועלכע האט געוואלט דיך און דיין פאלק אויסראטן. הונדערטער טויזנטער הענט האבן פעסט געדריקט דאס געווער. הונדערטער טויזנטער פיס זיינען נישט מיד געווארן קריכנדיק אין די פינסטערע בלאטעס, שנייען און אין קעלט. און דו צבי ביסט געווען צווישן זיי. דו האסט זיך נישט געבראכן. דיין קערפער האט זיך פארוואנדלט אין אייזן, שטאל.

אזוי ווי נעכטן וואלט דאס געווען, ווען אן א היים און אן א מאמען האסטו מיט פארביסנ־קייט געיאגט דיין שונא און פון דיין מויל האט זיך געהערט דער געשריי: נקמה!

אזוי ווי נעכטן וואלט דאס געווען, ווען דו ביסט געקומען אין דיין לאנד, בכדי צו בויען און שאפן פאר זיך א היים. אבער מען האט דיר צעשטערט דיין ווילן. די צייט האט ווייטער גערופן צום געווער. דאסמאל האסטו נישט מצליח געווען. ביסט געפאלן אין קאמף פאר דיין פאלק און לאנד.

אזוי ווי נעכטן וואלט דאס געווען, ווען דו ביסט אוועק פון אונז אויף אייביק.

אייביק וועלן מיר דיך געדענקען...

(אברהם ז.)



היה זה ביום אביב בהיר בשנת 1947 בבאואריה התחתית. לנקודה המשמשת בית ספר להגנה הגיעה קבוצה של 15 חברים צעירים, חברי תנועות שונות. במשך שבועות ספורים עליהם לעבור קורס מיוחד ואחר כך עליהם לצאת בתור כוח חדש לגבולות ולנקודות „הבריחה" ולפעול שם בהעברת מעפילים.

התענינתי מי הם האזרחים החדשים של המחנה הקטן והשקט החבוי בין היערות. רציתי כמובן לדעת מי מהם חבר „השומר הצעיר". פגשתי בחור אחד חבר הקבוץ בבאד רייכנל. חשדתי גם בבחור שקט וצנוע שגם הוא שייך לתנועתנו. ואכן לא טעיתי. היה זה צבי שוסטר, חבר קבוץ „במאבק".

מהרגע הראשון הבחור הזה מצא חן בעיני. מצאתי בו חבר טוב, מלא מרץ ובטחון עצמי במלוי התפקיד החדש העומד לפניו. בשיחותינו מצאנו שיש לנו אותן הדעות בשאלות שונות ובעיקר בשאלות

הנוגעות בפעולתנו. הזמן עבר מהר. הקורס נגמר וצבי נשלח לפעולה לדרום, להרי האלפים האדירים. חיש התחלתי לקבל ידיעות טובות על פעולותיו. מרכז הפעולה שאינו חבר תנועתנו שיבח אותו: „הוא החבר הטוב ביותר בגבול. ממלא את התפקידים המסוכנים והקשים ביותר". דעות דומות עליו שמעתי מפי כל החברים שעבדו אתו: „אנו גאים בצבי. הוא פרטיזן ותיק". אכן, לא טעיתי בהערכתי את צבי.

פעם, כשנפגשנו היה נרגש מאוד. עיניו נוצצו משמחה. חסרו לו מלים להביע את שמחתו ואת ספוקו מהעבודה. „טוב כשיש לך אפשרות לעזור ליהודים. מצאנו דרך חדשה! בלילה הראשון העברנו בשלום 47 מעפילים, בשני — למעלה מ־70 ובלילה השלישי למעלה ממאה. יש לנו תוכניות רבות. נגביר את הפעולה".

כך דבר בהתלהבות הבחור הפשוט והמסור. צבי הבין את תפקידו. מחשבתו העיקרית היתה — טוב לעזור ליהודים. להעביר בלילות נשים וילדים דרך נהרות והרים גבוהים...

פברואר 1948. צבי עולה ארצה. לזה הלא שאף בכל לבו. „הריני פרטיזן וחייל. גם שם אביא תועלת". אלה דברי צבי, הפשוטים והלבביים... ברגע האחרון הגעתי לתחנת הרכבת להפרד ממנו. „בוא מהר אחרי". — קרא כשהרכבת זזה.

ושוב נפגשנו במסילות. השמחה היתה רבה. צבי כבר היה חייל בצבא ישראל. עליז, מלא תקוה ואמונה. „תענוג רב לראות כיצד צבאנו גדל מיום ליום. הרי התחלנו בידיים ריקות והיום?! מסביבי חיילים חברים טובים. בקרב הרי זה חשוב מאוד".

צבי נפל בקרב על חרותנו.

פניו הצעירים והמחייכים ניצבים לפני עיני.

הוא רשם במעשיו דף מזהיר בתולדות מלחמת השחרור של עמנו.

(אריה באואר)

שמחה רזניק

# לזכר נעדרים

## משה קמינר

מנעוריו היה ער לכל עבודה צבורית. פעולתו התחילה בעודו תלמיד בבית־הספר, כראש „ועד הילדים" וה„קינ[ו]ער־זשורנאל".

כחבר בשורות הנוער הפרולטרי, בחוג המשתלמים („זעלבסט־באדונג קרייז") ואח"כ במפלגת „פועלי־ציון צ. ס." ו„פרייהייט" — בגלל פעולתו התמידית



משה קמינר

בתנועה נשלח תמיד כציר לועידות המחוזיות בבראנו־ביץ ובסלונים. היה חבר פעיל, ובעל דעה קיצונית ב„אגוד סופרי סת"ם" ומזכירם, ועסק באופן פעיל בארגון הספורט „מכבי", עד שנתגייס לצבא הפולני. אחרי היותו זמן רב חייל בקסרקטיני וארשה, חזר למיר והמשיך בפעולתו הצבורית, ועמד בקשר עם חבריו בוארשה עד פרוץ המלחמה.

בראשית המלחמה השתתף בהגנת ווארשה, וחלה בדיזנטריה. לאחר החוזה הגרמני־רוסי על כיבוש פולין הוא חזר למיר שהיתה כבר בשטח הכיבוש הרוסי, ועבר את הגבול לוילנה, שהיתה בחבל ליטא, בעצם הפלישה הנאצית לרוסיה.

עם כיבוש וילנא בידי הנאצים הוא חי בגיטו עד שאחותו נספתה, והוא ברח אל היערות והצטרף לבריגאדה של פארטיזנים. לאחר השחרור הוא התגייס לצבא הרוסי ומשתתף בהסתערות על ברלין.

לאחרי המלחמה הוא חוזר אל הפליטים של עיירתו מיר, ובדרך פוגש בחברתו לחיים, מינה גרינברג, ושניהם הגרו לאמריקא שם נפטר פתאום, בתוך המשפחה שהקים בארץ נכר. הלוחם הותיק השאיר שני בנים שנתיתמו בילדותם.

***

## הרשל פרניקוב

נולד ב־1914 במיר. בעל פנים עדינות וגוף חלש ובכל זאת מפכה בו מעיין לא אכזב של רוח ומרץ. בגיל צעיר כבר התבלט משכמו ומעלה על חבריו.

מערפילי הזכרונות על החיים התוססים שהיו גלומים בתקופה שעברה ללא שוב, זכור לנו הרשל במרצו וידיעותיו, הלוקח חבל פעיל בחיי התרבות והחברה בעיירה.

משנות השלושים הוא בין מנהיגי „הבונד" ו־האיגוד המקצועי, ומקומו לא נפקד בשום מאבק פוליטי וצבורי. כנואם בחסד עליון, הוא נאבק לדרכה של מפלגתו בכל מקום והזדמנות.

עם פלישת הגרמנים לעיירה בראותו את „המולדת" שכה האמין בה, והנה נהפכה לבית־קברות לעמו ב־עזרת האוכלוסיה המקומית, הוא מתיאש מדרכו הפו־ליטית ומכריז על שנוי הערכין בכל הכנות האופינית לו. הוא בא בסוד „ארגון הנוער החלוצי" — ונעשה לו איש־קשר, ובבוא הזמן יצא אל היער להמשיך במאבק.

קשה היתה לו ההסתגלות לחיי היער ולמאבק הפרטיזני האכזרי ובצניעותו האופינית הסתייג ועמד בצידי הדרכים. אחרי השחרור הוא נקרא לצבא־האדום ובשורות־הצבא, בין אלפי חיילים יהודים אלמונים הוא מצא אי־שם את מותו.

# יוסף קפלן

דמותו מלאת ענין ואצילה היתה.

נערץ היה על כל תושבי עיירתנו, ופעיל בכל שטחי החיים הציבוריים, איש־משכיל ובקי גם במקורות העתיקים של עמנו. כשבאת במגע אתו הורגש כמעין ששופע דעת, אהבת־אדם ונכונות לעזור לזולת. עם הופעתו כבחור צעיר במיר בשלהי מלחמת העולם הראשונה, הוא כבש את המקום הראוי לו. בחברה ידו היתה בכל: הוא היה הרוח החיה בועד בית־הספר העממי, שמתפקידו היה לקיים את בית־הספר במובן החינוכי והחמרי כאחד יחד עם חברים פעל למען הספריה העירונית, עד שקמה ספריה גדולה ומקיפה שנוער מכל הגילים ראו ענין בה. וגם היה חבר המרכז של רשת בתי־ספר העממיים ליידיש. בבואו אלינו, היה לו עבר עשיר פעילות ברוסיה בתקופת המהפכה: בעודו נער היה מקשר בשליחות של מחתרת ובהעברת נשק ממקום למקום. החברים הכירו בעוז נפשו והיו סומכים עליו ובוטחים בו. לאחר זמן עשה הרבה למען המהפכה. בזריזות ובחכמה הצליח להשתמט מידיהם הבולשות של הז׳נדרמים, והשתתף בהברחת חברים מבית־הסוהר. היה ציר וילנה בועידת „פועלי ציון" במינסק (תמונתו ב„ספר בורוכוב" שהופיע על זעידה זו) בתקופת הטירור של אחרי המהפכה נשפך הרבה דם של חפים מפשע שנחשדו בקונטר־רבולוציה נחרבו משכנות תרבות ובתי־נכאת. הדבר פגע בנפשו, גרם לו אכזבה, והוא עזב את רוסיה ובא לפולין, שקמה לתחיה ועדיין לחמה על קיומה. יוסף עבד באחוזה חקלאית ליד ביאליסטוק. בזמן שנמשכו הקרבות בין הצבא הפולני והבולשביקים. בכל מקרה של כשלון בחזית היו הפולנים שופכים את חמתם על היהודים. באוגוסט 1919. בנסיגת הצבא הפולני מבילורוסיה ופולסיה בכיוון ווארשה, היו בדרכם שודדים ובוזזים והורגים ביהודים, באחד הימים נתפס יוסף יחד עם קבוצת יהודים בידי חוליה של 17 חיילים מזויינים, שתפסו כקומוניסטים והובילום למפקדה לחקירה היהודים השתדלו להסביר לתופסיהם. שהם הפים מפשע ובקשו לשחררם. החיילים הרביצו בראשיהם בקתי־הרובים. יוסף היה היחידי ביניהם ששתק, ולא האמין בתועלת של הדיבורים. בקבוצה היה אחד נוצרי, שכרע ברך בפני החיילים ובקש מהם רחמים והם בעטו במגפיהם בפרצופו. יוסף התערב ואמר „אל תתעללו בישיש". וספג מכות בראשו על התערבותו. בדרכם נפגשו בפלוגה של מאה חיילים מזוינים, אחרי חילופי דברים בין שני ראשי הקבוצות החליטו לעשות שפטים ביהודים, ואת הנוצרי שלחו לנפשו. ולפי סימן פתחו בעינויים. יוסף שבקש רשות לחלוץ את הנעלים החדשות שהציקו לו קם על רגליו והפיל את שני החיילים שעמדו בקרבתו והתחיל לברוח, מטרתו היתה לזכות „במות בלי השפלות" החיילים הופתעו למעשהו ולא רדפו אחריו. במישור הפתוח ירו בו מרחוק ופגעו בכתפו השמאלית והוא נפל פצוע ארצה. למזלו לא התקרבו החיילים אליו. והוא הגיע בזחילה לבקתת אכרים, ועצר את שטף הדם. אנשי הצבא־האדום, שהתקרבו ובאו, העבירוהו לבית־חולים, שם חכה הרבה שעות לעזרה, ושתת דם רב עד שלא היתה תקוה לחייו. כעבור יומים נודע על רצח התשעה, שרק אחד שרד מהם. הרב דמתא בא לראותו ויוסף הרגיעו ואמר: רבי, עוד אבוא אליך לסדר חופה. זמן רב פרפר בין החיים והמות. עד שהרופאים קבעו שהסכנה לחייו חלפה עברה. שנתים ארך רפויו עד שחזר לאיתנו. המקרה הפריע ליוסף בלימודיו בגלל איבוד הזמן ומחסור בפרנסתו. הוא חזר למיר לאחיו. התחתן בעיירה והשתתף בפעולותיו בצרכי הכלל והפרט. מוסדות צבוריים ולחברים בצר להם. אשתו היתה עוזרת לו תמיד ומעודדת אותו. ורבה היתה השפעתו. היה מעשה ושניים מנכבדי העיירה רבו ביניהם והגישו תלונה למשפט. יוסף לא נח ולא שקט עד שהשכין שלום ביניהם ונתנו תרומה לקרן קיימת. הכל היו בטוחים בישרו וביכלתו ובנכונותו לעזור והוא לא הכזיב.

בהיותו חולה דלקת־הפרקים נסע למקום מרפא בציחוציניק, ומיד התפרסם שם. אחד מעניי העירה נפל למשכב, ללא אמצעים לנסע לרפיו, ויוסף בא לעזרתו גם בהיותו בנכר.

יוסף היה מקובל גם בין הגוים, האכרים רצו למנותו ציר בסיים. ולא קבל מהם. אנחנו, בני־הנוער שראינו את עתידנו בבנין הארץ ראינו בו

